ב. שטרן
רח' צפניה 24
ירושלם




# שלשה אחים

ערשטער טייל

**דער עלטסטער ברודער / רבי אברהם**
**די מצווה פון "נטילת־ידים"**

בעשריבן און בעארבעט
פון
## ב. שטרן

דאס העפט אנטהאלט:
א. צו רבי ברכיה החסיד ווערן געבוירן אויף זיין עלטער דריי זון. גאַנץ יינג געזעגנט ער זיך פון זיי און לאָזט זיי איבער עלענדע יתומים'לך.
ב. די ברידער זענען מקבל אויף זיך יעדער איינער אַ מצווה וואָס ער זאָל זי אָפּהיטן אפילו עס זאָל אים קאָסטן דאָס לעבן. דאַן לאָזן זיך אַרויס די יתומים'לך אויף די גרויסע וועלט.
ג. דער שטורעמדיקער וועג פון דעם עלטסטן ברודער; אַ שווערע מלחמה מיט גזלנים; דער נסיון און דאָס מסירה־נפש; אין די טיפע הייל וואָס געפינט זיך אין דעם געדעכטן וואַלד; ער איז עולה־לגדולה.

**1**


פערלאג "בפירוש וברמז"
ירושלם / תשכ"ד.

די חרדי׳שע אידישע ביבליאטעק
ב· שטרן, ירושלים, רח׳ צפניה 24

# שלשה אחים

ערשטע טייל

## דער עלטסטער ברודער / רבי אברהם

בעשריבען און בעארבייט
פון
בילא שטערן

לויט די וועלט ברימטע וואונדערליכע געשיכטע
מעשה משלשה אחים

איינס פון די שענסטע און אינטרעסאנטסטע געשיכטעס· דריי יונגע עלינדע יתומים׳ליך לאזין זיך ארויס אויף דער גרויסער וועלד· זיי בעגעגנען זיך מיט א פינסטערניש ווי זיי גייען, מיט אכזריות ווערין זיי געשליידערט ארופ און ארויף· אונטער די גאנצע צייט האלטין זיי זיך פעסט אן אין די הייליגע תורה, און עקסטער זענען זיי זיך מוסר־נפש וועגין א מצווה וואס יעדער איינער האט גענימען אויף זיך· ביים סוף בעווייזט זיך די שטארקע קראפט פון דער מצוה, זי שלעפט זיי ארויס פון דעם שרעקליכסטן נויט, אין שטעלט זיי אויף דעם העכסטן ארט וואס איז נאר פאר האנען אויף די וועלד·

1

פערלאג „בפירוש וברמז״
ירושלם / תשכ״ב

חוברת אלול, תשכ״ב

1־טעס העפט, 2־טעס סעריא.

די ערשטע סעריא וואס האט פריער עשינען, איז

״דער גרייריצער צדיק״

5 העפטין, 6 העכסט אינטרעסאנטע ערצעלונגען.



ב. שטרן, רחוב צפניה 24, ירושלים.

דפוס התחי׳ בע״מ

# פארוואָרט

**(צו דער צווייטער סעריא)**

מיט א האלב יאר צוריק בין איך געשטאנען ביי דעם טויער פון דער "חרדישע אידישע ביבליאטעק" ביי דער ערשטער העפט פון דער ערשטער סעריא, און איך האב גירעט — אין מיין פארווארט — וועגן די נויטיקייט ארויס צו געבן א יודישע ליטעראטאר פאר דער יוגענד, דענסמאל האב איך נאך נישט געוואוסט די גרויסע ארבייט, און די שווערע פעראנטווארטליכ־קייט וואס ליגט אויף אזא אויסגאבע, האב איך זיך געוואונדערט פאר וואס עס איז נאך נישט געשאפין געווארין אזא פערלאג, אבער היינט דאס איך בין איבערצייגט געווארין וואס פארא שווערקייטין מ׳בעגעגענד איבער די ארבייט, און איבער הויפט די גרויסע געלט אנשטרענגאנגען, פערשטיי איך שוין גאנץ גוט פיר וואס קיינער האט זיך נאך ביז היינט נישט צוגעהאפט צו דער מצווה.

חאטש דאס די שווערקייטין פון אלע הינזיכטען זענען זייער גרויס, זענען מיר מיט גאט׳ס הילף ווייטער ממשיך, און מיר גיבען דא די ערשטע העפט פון די צווייטע סעריע, מיר קוקען נישט אויף קיין געלט אויסגאבין, און מען שטרענגט זיך אן אז דעס אויסענוועדיגסטע געשטאלט פון אונזערע ספרים׳לאך זאל נישט פאלען פון די פרייער ליטעראטור וואס געפינט זיך אין גאס.



ברוך השם, ביז היינט איז די "חרדישע אידישע ביבליאטעק" אויסגעהיטען געווארין פון דער נעץ וואס די ליטעראטור לייגט אונטער, פון אלע ספרים וואס האבין ביז היינט ערשינען, איז אויסגעזיפט און אויסגערייניגט געווארין די אלע טיילין וואס

קאנען חלילה בערירען דעם איידעלעם חאראקטער פון דער יוגענד, און אויף זייער ארט איז געקומען א ערציאונגליכער אינהאלט.

דער לויב פאר השי״ת וועגין דער פערגאנגענהייט, אין די הענט זענען אויסגעשפרייט צו גאט מיט א געבעט אויף די צוקונפט, אין דעם זכות פון מיין הייליגען זיידין — ער איז געווען בעקאנט מיט׳ן נאמען רבי ברוך האלמינער זצ״ל. איינער פון די גרעסטע אלטע ירושלימ׳ער מקובלים — וואס מיט מסירות־נפש האט ער געשטרעבט צו בעפעסטיגען דעם ריכטיגען חרדישען חינוך, זאל איך אויסגעהיט ווערין דאס עס זאל חלילה נישט ארויס קומען א מכשול דורך מיר, און דער רבונו־של־עולם זאל מאכין רוען זיין שכינה אין די ווערק פון מיינע הענט.

ירושלם, ט״ו מ׳ אב תשכ״ב

חתמ׳עט מיט האפענונג צו גאט

**בילא שטרן**

## איינלייטונג.

פונקטליך ווען די פאלגענדע געשיכטע איז פארגעקומען ווייסען מִיר נישט, נאר אזוי פיל וויסען מיר יא, דאס אין לאנד ״כוזר״ האט זיך אין יאר ת״ק לאלף הרביעי געפונען א מלך מיטן נאמען ״חאקאן בולא״ (כוזרי מאמר א׳ סי׳ מז) וואס ער האט זיך מגייר געווען, און נאך אים האט זיך עטליכע הונדערט יאר געצויגין א קייט פון יודישע מלכים. קאנען מיר קלערין אז די געשיכטע איז זיך אין יענע יארן פערלאפן, נאר אין דער געשיכטע ווערט דערמאנט דאס ספר ״חובת הלבבות״ וואס דער מחבר פון דעם ספר האט געלעבט אין אנפאנג פון אלף הששי ווען די יודישע־כוזרישע מלוכה האט שוין נישט עקזעסטירט. לויט דעם זעט אויס דאס די געשיכטע איז פארגעקומען מיט א זיבען הונדערט יאר צוריק, חאטש די יודישע מלוכה האט זיך שוין דארט אויפגיהערט, האט אדער נאך אלטס געבליעט די יודישע וויסענ־שאפט.

## א.

מאחורי יערות העבות. אונטער די גרויסע געדיכטע וועלדער פון לאַנד „כוזר" האָט זיך געפונען די שיינע שטאָט „שופריאָ" דער הויפּטמאַן פון די שטאָט האָט געהייסען „רבי ברכיה". רבי ברכיה איז געווען אַ גרויסער תלמיד חכם, אַ ירא־שמים, אין אַגרויסער עניו. אויך איז ער געווען אַ גרוי־סער עושר. די גרעסטע וועלדער אין וויינגערטנער פון לאַנד כוזר האָבין צו איהם געהערט. צוליב זיין ערליכקייט און זיינע מידות־טובות איז זיין גוטער נאָמען צושפּרייט געוואָרין צווי־שען גאַנצען כלל־ישראל.

אַ ביטערער טראָפּין איז אָבער געווען ארייגעמישט אין רבי ברכיה'ס זיסען לעבן. דען אַלע זיינע יאָהרין האָט ער — לא עלינו — קיין קינדער געהאַט. דער רייכער און איי־דעלער רבי ברכיה האָט געמאַכט אַלע אָנשטרענגונגען וואָס נאָר מעגליך איז, סיי מיט צדקה אין סיי מיט תפילה אין סגולות. אָבער אַלע זאַכין האָבן אים גור נישט געהאָלפן ער איז גע־וואָרין אַ יוד פון זיבעציג יאָהר אין קיין קינדער האָט ער — לא עלינו — נישט געהאַט.

אין דעם טאָג וואס רבי ברכיה איז אַלט געוואָרין איין אין זיבציג יאָהר איז געקומען צו איהם איין אַלטער מאַן און האָט איהם געזאָגט: דיינע הייסע תפילות וואָס זענען אַרויס פון דיין ערליך האַרץ. מיט דיינע גוטע מעשים פון אַזוי פיעל יאָרין, האָבין זיך צו זאַם גענומען, און געשטעלט פאַר השי"ת אַזוי ווי אַ מויער, און האָבין איינגעריסען וועלטין ביז השי"ת האָט רחמנת בעקומען אויף דיר, אין ס'איז בעשטימט

געוואָרין ביי דעם בית־דין של־מעלה דאָס דו זאָלסט האָבין, דריי זון, וואָס זייער גוטער נאָמען וועט קלינגען איבער די גאַנצע וועלט. די קינדער זאָלסט דו רופען אויף די נעמען פון אונזערע הייליגע אָבות, **אברהם, יצחק, יעקב**. דען זיי האָבין אויך נישט געקאָנט האָבין בדרך־הטבע קיין קינדער, און השי״ת האָט זיי געגעבין קעגין די טבע, אין די ביסט אויך אזוי.

אויך האָט איהם דער אַלטער מאַן אָנגעזאָגט ווי זוי ער זאָל מחנך זיין די קינדער וואָס וועלין איהם געבאָרין ווערין, און ער האָט איהם איבער געגעבין אַ סוד וואָס ער זאָל דאָס זיינע קינדער מגלה זיין פאַר זיין פטירה. דער אַלטער מאַן האָט געענדיגט זיינע ווערטער און איז פערשווינדען געוואָרען פון די אויגן.

די גרויסע שמחה פון דעם אַלטען תלמיד־חכם רבי ברכיה איז נישט צו בעשרייבען. חאָטש רבי ברכיה איז געוועז דער חשובסטער מאַן אין שטאָט, האָבין אַלע נישט געוואָלט גלייבין די שטאָט׳ס לייט, די מעשה מיט דעם אַלטען מאַן, וואס רבי ברכיה האָט יעדין פערציילט, נאָר אַ טייל האָבין געזאָגט דאָס פון טראַכטין וועגין קינדער האָט זיך דעם אַלטען רבי ברכיה אויסגעדאַכט די מעשה, פשוט ער האָט געחלום׳ט בהקיץ. אַ טייל ווידער האָבין געזאָגט דאָס פון פיעל צער און עגמת־נפש וועגין קינדער איז אים נעבעך גערירט געוואָרין דער שכל. אָבער ווי איבעראַשט זענען אַלע מענטשין געוואָרין ווען זיי האָבין געזעהען דאָס אַלע ווערטער פון דעם אַלטען זענען מקוים געוואָרין.׳ גאַנץ כוזר האָט זיך געפרייט מיט די גרויסע אמת׳ע שמחה פון דעם אַלטין רבי ברכיה.

דער גרויסער תלמיד חכם רבי ברכיה האָט זיינע עלטערע

יאָהרין פערברענגט נאָר מיט מחנך זיין זיינע דריי זין, וואָס זענען איהם געבוירין אויף די עלטער. ער האָט מיט זיי געלערנט כל התורה כולה. און האָט אין זיי איינגעפלאַנצט יראת־שמים, זיי זאָלן גיין בדרך הישר. און זיך דערוויטערן פון די תאוות עולם־הזה ווייל ווער עס יאָגט זיך נאָך די תאוות עולם־הזה איז זיין סוף זייער ביטער. די עהרליכע ווערטער פון דעם אַלטען פאָטער איז איינגעקריצט געוואָרין טיעף אין די אידעלע הערצער פון די דריי יונגע קינדער, און זיי האָבין זיך טאַקע געפירט לשם ולתפארת, מ׳האָט שוין אויף זיי דערקאָנט דאָס זיי ווערין זיין גרויסע לייט.

ויהי כי זקן רבי ברכיה, ווען רבי ברכיה איז שוין זייער אַלט געוואָרן און ער האָט געשפירט דאָס זיינע יאָרין אויף די וועלט האַלטן זיך ביים ענדיגען, האָט ער געלאָזט רופען זיינע דריי חשובה זון און האָט זיי געזאָגט:

איך פיל ביי מיר דאָס איך מיז זיך שוין אָפּשיידין פון אייך. מיט מיינע פליישיגע אויגין וועל איך אייך שוין נישט קענען זען אַ לאַנגע צייט, נאָר מיין נשמה אויף יענער וועלט וועט שטענדיג נאָכקוקען נאָך אייער פירעכץ, און אַז איר וועט אייך אויפירען ערליך וועל איך דאָרט בעטן פאַר דעם רבונו־של־עולם וועגן אייער גליק.

יעצט הערט אייך גוט איין מיינע טייערע בן זקונים׳ליך. איך וועל אייך דאָ איבער געבין די ווערטער פאָן דעם אַלטען מאַן וואָס האָט מיר אָנגעזאָגט פאַר אַייך נאָך איידער איר זענט געבוירין געוואָרין דאָס איך זאָל אייך זיי איבער געבין פאַר מיין טויט. הערט אויס.

נאָך מיין טויט וועט אויף אייך געשיקט ווערין זייער פיעל גרויסע און שרעקליכע צרות, אין עס וועלין זיך דערוועקין אויף אייך פיעל שונאים, וואָס וועלן אייך שלעכץ טיען. אָבער דורעך וואַנדערנדיק די צרות שטייט פיר אייך די בּרירה, איר קענט דורעך זיי צו קומען צו דעם „גיהנום־התחתון", אין קענט דורעך זיי צו קומען צו דעם „גן־עדן התחתון". פון יעדער „עבירה" וואָס דער מענטש טוט ווערט באַשאַפין אַ „מלאַך־רע" וואָס טוט אָן פיעל צרות נאָך אויף דער וועלט, אין פון יעדער „מצוה" וואָס אַ מענטש טוט ווערט באַשאַפן א „מלאַך־טוב" וואָס היט־אוים דעם מענטשין פון אלעם בייזין, און פון אלע אומגליקען וואָס דרייען זיך אַרום אויף דער וועלט. דער מלאך־טוב פירט דעם מענטש דאָס ער זאָל קומען צו דעם ריכטיגן גליק אויף דער וועלט אין אויף די אנדערע וועלט.

אַ מענטש איז דאָך אָבער אַ מענטש, דאָס שוואַכסטע באשעפעניש פון אלע באַשעפענישען, אין ער קאָן נישט געוואָרנט זיין ער זאָל שטענדיג מקיים זיין אַלע מצות בדקדוק אין מיט שלמות ווי עס פערלאַנגט זיך. דאַריבער זאָל יעדער איינער פון אייך זיך אויסקלייבין אַ „מצווה" וואָס ער זאָל זי היטען כל ימי חייו אַזוי ווי איין אויג אין קאָפּ. אפילו דאָס גאַנצע פאַרמעגין זאָל ער אויך אַוועק געבין צוליב דער מצווה, אַפילו עס זאָל איהם קאָסטין דאָס לעבין זאָל ער אויך נישט עובר זיין אויף דער מצווה. אין אויב איר וועט עומד בנסיון

זיין אין איר וועט איינהאַלטן די מצווה וואָס איר וועט אויף אייך מקבל זיין — מעג עס זיין אַ מצוה דאורייתא, אָדער אַ מצוה דרבנן — זענט איר פאַרזיכערט דאָס אין דעם זכות פון דער מצוה וועט איר ניצול ווערן פון אַלעם בייזין, אין אייער גליק אויף דער וועלט וועט אייך שיינען ווי די ליכטיגע זוהן. אין עס וועט אייך גיט זיין אויף יענער וועלט, דען די מצווה וועט אייך אַקעגין גיין אין וועט אייך אָפּהיטען פון די בייזע מלאכי חבלה. נאָר געדענקט גוט איר זאָלט אייך זייער שטאַרקן דאָס איר זאָלט חלילה קיינמאָל נישט עובר זיין אויף די מצוה וואָס איר זענט מקבל אויף אייך, דען דער יצר־הרע ווייסט דעם גרויסן כח פון אַזאַ מצוה, דאַריבער וועט ער מאַכין אַלע אָנשטרענגונגען אייך מכשיל זיין דערין.

שטאַרקט אייך און פעסטיקט אייך, אין דער ליבער בעשעפער וואָס האָט אייך פאַר מיר געשענקט אויף די עלטערע יאָרין, זאָל אייך זיין בייהילפיג, דאָס איר זאָל מקיים זיין די גאַנצע תורה בשלימות, אין ביחוד די מצווה וואָס איר וועט מקבל זיין אויף אייך.

נאָכדעם ווי ער האָט געענדיגט זיינע רייד צו די קינדער האָט זיך רבי ברכיה געזעגינט מיט אלע מענטשין פון שטאָט אין איז געשטאָרבין. די דריי חשובע זין האָבין איהם שטאַרק בעוויינט, אין דאָס גאַנצע לאַנד כוזר האָט געמאַכט נאָך אים אַ טרויער פון זיבען טאָג.

ב

ויהי אחרי מות רבי ברכיה, נאָכדעם וואָס דער ערליכער טאַטע רבי ברכיה איז געשטאָרבין, אין די דריי חשובע זין זיינע, זענען געבליבען עלענד יתומים — לא עלינו — האָבין זיך צוזאם גענומען די דריי קינדער. אין זייערע אויערין האָט נאָך גיקלינגען די פייערדיגע רייד פון זייער פאָטער, וואָס האָט זיי איבער געגעבין די ווערטער פון דעם אַלטען מאַן. זיי האָבין זיך טאַקע גלייך גענומען טראַכטין אין זיכען אין ספרים וואָס פאַראַ מצוה יעדער איינער זאָל זיך אויסקלייבין אויף זיין גאַנצען לעבין, צום סוף האָבין זיי זיך מיישב געוועזן דאָס זיי וועלין זיך אויסקלייבין דווקא דריי פשוטע מצוות וואָס יעדער פראָסטער יוד קאָן זיי מקיים זיין בשלמות, אין גאָר גרינג, אין פינדעסטוועגין איז דער המון־עם אין זיי שטאַרק מזלזל, האָבן זיי זיך אויסגעקליבן די דריי מצוות:

אברהם, דער בכור וואָס האָט געהייסין אברהם האָט זיך אויסערוועלט די מצוות פון „נטילת־ידים", דהיינו ער זאָל כל ימיו נישט עסין אַפילו וויניגער פון אַ כזית אום געוואַשין, דען פיעל מענטשען זענען מזלזל אין דער מצוות פון נטילת־ידים, סוחרים אין מעקלערס ווען זיי גייען אין גאַס אין עס הייבט זיי אָן צו הונגערין כאַפן זיי אין מויל אַריין אַ זעמעל אין וואַשין זיך נישט. דעריבער האָט ער אויסערווײלט ער זאָל מקיים זיין די מצוות בשלימות אַפילו עס זאָל איהם קאָסטין דאָס לעבין.

יצחק, דער צווייטער ברודער וואָס האָט געהייסין יצחק האָט אויף זיך מקבל געוועזן די מצוות פון „שלש־סעודות", דען אויך אין דער מצווה זענען פיעל מענטשין נישט נזהר ווי דער דין איז, די סעודה פון פרייטיג צו נאַכט אין אויך די סעודה פן שבת אין דער פריה איז יעדער מקיים מיט אַלע הידורים. אָדער שלש־סעודות איז פערהאַנען פיעל מענטשין וואָס וואשין

זיך אפילו נישט, אין די הייליגע חכמים האָבין געזאָגט „ומאן דאגרע סעודתא מנייהו, אחזא פגימותא לעילא, ועונשיה דהאי בר נש סגי" דאָס הייסט: „וועלכער מענטש עס מינערט אַ סעודה פון די שבת סעודות מאַכט אַ פגם אויווין אין עס איז זיין עונש גרויס" על כן האָט ער זיך בוחר געווען די מצווה פון „שלש־סעודות" מקיים צו זיין מיטן גאַנצען לעבין.

יעקב, און דער דריטער ברודער דער יונגסטער וואָס האָט געהייסין יעקב, האָט זיך אויסגעוועלט מקיים צו זיין שטענדיק און בשלמות די „סעודה מלווה־מלכה". דען אין דער מצווה זענען זייער ווייניג מענטשין נזהר, מוצאי־שבת געפינט שוין יעדער עפעס אַ ארבייט, אַזוי דאָס צו מלווה־מלכה אין זאָגען „ויתן־לך" מיט „זמירות למוצאי־שבת" קומט נישט אויס קיין צייט. און די הייליגע ספרים שרייבין ווי גרויס די מצוות פון מלווה־מלכה איז דאָס ווער עס איז נזהר מקיים צו זיין די סעודה פון מלווה־מלכה איז בטוח דאָס ער וועט אויפשטיין „תחיית־המתים".

די דריי ברודער האָבי'ן אויף זיך מקבל געווען די דריי מצוות, אין יעדער איינער האָט ביי זיך פעסט בעשלאָסין „יעבור עלי מה" מעג חלילה קומען וואָס עס זאָל קומען, וועלין זיי אויף די מצוות נישט עובר זיין, אין מיט „מסירת־נפש" וועלין זיי די מצוות איינהאַלטין פונקטליך ווי דער דין איז.

אחר הדברים האלה, נאָכדעם ווי די דריי ברודער האָבין זיך איינגעטיילט מיט די מצוות, האָבין זיי זיך גענומען איינטיילין מיט דער ירושה. איטליכער ברודער האָט גענומען הונדערט טויזינט גאָלדענע דאָקאַטן מזומן געלט, אַ חוץ וועל־דער אין פעלדער, הייזער און ווייגגערטנער. אַזאַ עושירות הלוואי אויף אַלע יודען געזאָגט געוואָרין.

ווען די דריי ברודער האָבין גיענדיקט מיט דעם צו טיילין

די ירושה צווישען זיך, האָבין זיי זיך צוזאַמען געזעצט טראַכ־
טין אין זייער צוקונפט. איז ביי זיי געבליבען אַזאַ החלטה:
דאָס זיי זאָלען פאָרען איבער די וועלט אפשר וועלין זיי בע־
געגענען גרויסע חכמים אין גאונים וואָס זאָלען זיי ווייטער
לערנען דעם גוטען גליקליכן וועג וואָס זייער אַלטער פּאָטער
רבי ברכיה האָט זיי אָנגעפאַנגען צו לערנין, אין איז געבליבען
אין מיטען. דען ער האָט זיי איבעד געלאָזט יונגע יתומים. אַלזאָ
האָבין זיי זיך אַרויסגעלאָזסט יעדער איינער אויף איין אַנדערן
עק פון די וועלט. זוכן אַ גוטן יוד, אַ צדיק, וואָס זאָל זיי לערנען
דעם אמת׳ן ריכטיגן וועג. די דריי ברודער האָבין גע־
קויפט דריי פערד אַזוי ווי די לייבין, אין זענען צוזאַמען אַרויס־
געריטען ביז צו די גרענעץ פון דעם שיינעם לאַנד „כוזר״. דאָ
ביי די גרעניץ האָבין זיך די דריי געטרייע ברודער געזעגינט.
הייסע טרערין האָט זיך זיי געקייקעלט איבער די באַקען, מיר
געזעגענען זיך יעצט, אינזער גרויסער באַשעפער זאָל אינז
העלפין מיר זאָלין נאָך די זכיה האָבין דאָס מיר זאָלין זיך
נאָך א מאָהל זען, האָבין זיי געבעטין דעם רבונו של עולם, זיי
האָבין זיך צוקישט. אין יעדער איינער האָט זיך ארויסגעלאָזט
אויף אַן אַנדערין וועג.

דער עלצטער ברודער „**אברהם**״ האָט זיך געלאָזט רייטין
קיין „**מדינת אפריקא**״. דער צווייטער ברודער „**יצחק**״, האָט
גיפלאַנט צו פאָרן קיין „**מדינת ישמעאל**״. אין דער דריטער
ברודער „**יעקב**״ האָט געצויגין נאָך „**מדינת שפאניא**״.

ג.

**ויהי אחרי הפרדם.** ווי רבי אברהם האָט זיך צו טיילט
פון זיינע ברודער, האָט ער זיך גענומען רייטען, אין געצילט
צו קומען קיין „מדינת אפריקה״. ער האָט געריטען אויף זיין
פערדיל טעג און נעכט. אזוי האָט ער געריטען עטליכע וואָכין

ביז ער איז צוגעקומען צו אַ גרויסע „מדבר“, אַ שרעקליכע וויסטע. ער האָט נישט געזען איר ענדע. פאַר דער מדבר איז געשטאַנען אַ גרויסע מויער, פון דרויסען האָט עס אויסגעזען ווי אַ מיליטערישע פעסטונג, קודם האָט זיך רבי אַברהם געשראָקען אַריין צו גיין דערינען, דען ער האָט מורה געהאַט אפשר איז דאָ דאַרין אַ רויבער באַנדע, אָבער אַזוי ווי די זון האָט אָנגעהויבין אַריינצושטעקין איר קאָפּ אין הימעל אַריין, האָט רבי אַברהם געזען דאָס ער האָט קיין ברירה נישט ער מוז אַריינגיין אין דער מויער, דען נאָך אַביסל רוקט זיך אינטער די פינסטערע נאַכט אין ער שטייט דאָ אַליין אינטער די גרויסע אין שרעקליכע מדבר.

ער איז אַרופּ גישפּרינגען פון זיין פערד אין איז אַריין אין דער מויער, ווי ער איז נאָר אַריינגעקומען איז אויף אים געפאַלין א גרויסער פחד, ער האָט שוין געזען דאָס ער האָט גאָר קיין טעות נישט געהאַט, דאָרט זענען געזעסין אַ באַנדע מענטשין מיט פיעל פערד און מויל אייזלעך און אייך קאַמעלין. אַלע מענטשין וואָס זענען דאָרט געוועזין זענען געווען בעוואָפענט מיט פיילענבויגענס, שפּיזן, שווערדין און אַלערליי כלי־זיין. ביי רבי אַברהם איז קיין ספק געווען דאָס ער געפינט זיך צווישען אַ באַנדע גזלנים. ער האָט געוויסט אויפּ זיכער דאָס ער איז שוין אַ פערלוירענער, ער האָט שוין אָנגעהויבין צו מאַכין די הכנות אויף ווידוי זאָגען. פּלוצים זענען אים אויף די געדאַנקען געקומען די ווערטער פון זיין פאָטער פאַר זיין שטאַרבין דאָס פיעל צרות וועלין אויף זיי קומען אין אויב זיי וועלין זיך פירען בדרך־הישר וועלין זיי געראַטעוועט ווערין, ער האָט באַלט געמאַכט אַ „חשבון־הנפש“ אויב ער האָט עפּעס געזינדיגט, אין איבערהויפּט אויב ער איז נזהר געווען אין „נטילת־ידים“, די מצוה וואָס ער האָט אויף זיך גענומען. ווען

ער האָט געזען דאָס מיט זיין וויסען האָט ער אַלעס מקיים געווען, איז ער געוואָרין איין אַנדערער מענטש, אַן׳אַנדער חיות איז אין אים אַריינגעגאָסען געוואָרין, און מיט פיעל קוראזש איז ער צוגעגאַנגען צו דעם עלטסטין, וואָס איז גע־גאַנגען אָנגעטוּן כמעט בגדי־מלכות, און האָט עם גיפרעגט: אדוני, מיין ליבער הער, אפשר קענסט דו מיר זאָגין ווי איך געפין זיך דאָ, איך בין אַהער פערבלאָנזשעט געוואָרין, און איך ווייס נישט ווי אַרויס פון דאַנען.

ויען, האָט אים דער הויפּטפּאַן געענפערט: מיר אַלע זענען סוחרים פון פערשידענע מדינות, מיר פאָרין קיין אַפריקה, יעדער וועגין זיינע געשעפטין. נאָר צו צוקומען קיין אַפריקה מוז מען אַדורעכרייזען אָט די גרויסע און פאָרכטיגע מדבר. דאַריבער זאַמלען זיך דאָ אין דער מויער צוזאם אַלערליי סוחרים, און וואַרטין ביז עס קומט זיך צונויף אַ היפשע מחנה מענטשין, און דעמאָלט וואַפענען מיר זיך אויף מיט אַלערליי כלי־זיין און מיר לאָזין זיך אַלע צוזאַמען אין דער פאָרכטיגער מדבר אַריין, דען ווער קען זיך דען איין שטעלין דאָס לעבין און אַליין אַדורעך גיין אַזאַ שריקליכע גרויסע מדבר, וואָס אַחוץ די שרעקליכע און ווילדע חיות וועליכע זענען דאָרט פאַרהאַנען אין די טויזענטער, איז נאָך אויך געפערליך דער וועג צוליב די גרויסע ראָבער־באַנדעס וואָס זייער פאָרכט ליגט אוף די גאַנצע געגינד.

ווי רבי אַברהם האָט דאָס דערהערט איז זיין האַרץ דער־פרייט געוואָרין, און ער האָט געלויבט השי״ת דאָס ער האָט עם גיפירט אין ריכטיגען וועג, דען ער האָט דאָך געוואָלט פאָרין קיין מדינת־אַפריקה. אויך האָט ער זיך שטאַרק געפרייט דען ער האָט דאָרט געפונען אַ יוד צווישען די סוחרים, האָט ער שוין געהאַט מיט וועמען צו רעדין אַ יודיש וואָרט, אַ

דבר־תורה. ער איז זייער בעפריינדעט געוואָרין מיט אים, אין איינער האָט זיך נישט גערירט אָן דעם אַנדערין.

ויהי כאשר הכינו, ווען אַלע האָבין זיך שוין פאַרטיג־געמאַכט צו דער לאַנגער אין שרעקליכער רייזע, איבער די גרויסע מדבר, די סוחרים האָבין זיך איינגעפּאַקט אַלערליי שפּייזין, אויך האָבין זיי אַלע כלים אָנגעפילט מיט וואַסער, דען די נסיעה איבער די שרעקליכע מדבר דויערט אינוויינדיג־סטענס הינדערט טעג, אין אין דער מדבר איז גאָרנישט פער־האַנען אַ חוץ זאַמד, קיין טראָפּ וואַסער איז דאָרט נישט דאָ אַפילו אויף אַ רפואה, מען האָט אַלעס אויפגעלאָדינט אויף די בהמות אין זיך גרייט געמאַכט צו די נסיעה.

וישכימו בבוקר, ווי די זון האָט נאָר אַנגעהויבין צו לייכ־טין מיט אירע ליכטיגע שטראַלען, האָבין זיך אַלע אויפגעוואָ־פענט מיט זייערע כלי־זיין, אין „ויסעו", מען האָט זיך געלאָזט רייטין אין דער גרויסער שרעקליכער מדבר אַריין, ווי מער זיי זענען געפאָרין, איז אַלץ קלענער געוואָרין אין זייערע אויגין די מויער פון ווי זיי זענען ארויס געפאָרין, ביז זי איז אינגאַנצען פערשווינדען געוואָרין פון די אויגין, יעצט האָבין זיי שוין פאַר זיך נישט געזען נאָר הימעל און זאַמט, ווי דאָס אויג האָט געקוקט האָט ער זיך נאָר בעגעגענד מיט די שטראַלען פון דעם רויטע זאַמד. ביי נאַכט האָבין זיי געהערט דאָס גע׳רעש פן די ווינטען אין די שרעקליכע קולות אין יאָמער־ניש פון די ווילדע חיות. ווען עס איז געוועזן אַ שענערע צייט פלעג מען אָנצונדען פייערלעך און זיך אַרום זיי אַוועק זעצין. די גויים האָבין געזונגען פערשידענע לידער יעדער איינער אויף די שפּראַך פון זיין פאָלק, די צוויי יידען האָבין געזונגען שירות ותשבחות פאַרין רבונו של עולם.

אַזוי זענען זיי געגאַנגען צוואָנציג טעג אלעס אין די בעס־

טער אָרדענונג, עס איז פשוט געווען אַ פאַרגעניגען צו זיין אַ מיט רייזער, היינטיגע צייטין קענמען זיך גאָרנישט פאָרשטעלין ווי אזוי אַזאַ נסיעה האָט אויסגעזען, ווען דער פחד מיט דער הנאָה אין תענוג ראַנגלען זיך ארום. עס האָט אויסגעקוקט דאָס דער תענוג וועט זיגען, אין עס וועט זיך איבערצייגין דאָס דער פחד איז געווען גאָר אומזונסט, דען זיי ווערלין די נסיעה דערעך גיין בשלום.

**רבות מחשבות בלב איש.** אָדער נישט אַלעס געשעהט אַזוי ווי מען מיינט. דעם איין און צוואָנציקסטען טאָג פון דער נסיעה האָט פלוצום זיי באַדעקט אַ שטורעם רעגין פון שטיינער, פון אלע פיער זייטען זענען געפלויגין גרויסע שטיינער, עס האָט נישט לאַנג געדויערט האָבין זיך בעוויזען די בעלי־בתים פון די שטיינער, אַזוי ווי פון אונטער די ערד זענען אַרויס גע־שפרינגען אַ גרויסע שרעקליכע רויבער־באַנדע. שרעקליכע גזלנים, עס איז געוואָרין אַ גרויסע מלחמה צווישען די גזלנים מיט די סוחרים. די סוחרים זענען אָבער געווען גרויסע „מלומדי־מלחמה" קריגס געלערינטע, האָבין זיי געפירט מיט די רויבער אַ פעסטע מלחמה, זיי האָבין זיי בעוואָרפין מיט פערגיפטיגטע פיי־לען, ווען עס האָט נאָר באַרירט אַזאַ גיפטיגע פייל איז גלייך אַרופגעפאַלען אַ פערחלשטער. די גזלנים ווידער האָבין גע־וואָרפין גרויסע ריזיגע שטיינער, דאָס צו וועמעס קאָפּ אַזאַ שטיין איז צוגעקומען האָט שוין מער דעם קאָפּ נישט געהאַל־טין אין די הייך. אַזוי האָט געדויערט די שרעקליכע מלחמה ביז פאַר נאַכט, פאַרנאַכט האָבין זיך געשטאַרקט די סוחרים אויף די גזלנים, אין זיי האָבין די גזלנים אין גאַנצין פער־ניכטעט, עס איז פון זיי ניט געבליבען קיין שריד ופליט.

**בלילה ההוא.** די נאַכט האָבין די סוחרים געמאַכט אַ גרויס פייער אין זיי האָבין זיך אָנגעהויבין אומצוקוקען אַרום

זיך וואָס די מלחמה האָט חרוב געמאַכט, ערשטינס האָט מען צוזאַמען געקלובען אַלע טויטע, אין מען האָט זיי בעגראָבען אינטער די זאַמדען, העלפט סוחרים זענען געהרגעט געוואָרין אין די מלחמה, ביז מען האָט באַזיגט די גזלנים. דער הויפּט־מאַן האָט דעמאָלט געזאָגט „ווען איך זאָל האָבין נאָך אַזאַ נצחון, בין איך אַ פאַרלוירענער"... אויך פיעל בהמות זענען דער־הרגט געוואָרין פון די גרויסע שטיינער וואָס די רויבער האָבין געוואָרפין. עקסטער איז געשען אַ גרויסער שאָדין — ביי דער מלחמה — וואָס האָט אין געפאַר געלייגט אַלע מענט־שין וואָס זענען איבער געבליבען, די גרויסע שטיינער האָבין צובראָכין כמעט אלע ערדענע כלים אין דאָס גאַנצי וואַסער וואָס איז געווען אין זיי איז אויסגעגאָסין געוואָרין. עס איז נישט איבער געבליבען נאָר עטליכע כלים מיט וואַסער, אַזוי אַס עס האָט אויסגעקוקט אַז מ׳וועט חלילה שטאַרבין פאַר דאָרשט אין דער מדבר.

**שומר נפשות חסידים ה׳.** מיט די צוויי יודען זענען געשען אָפענע נסים, אין מיט דעם בעשעפער׳ס חסדים זענען זיי לעבין גיבליבען.

ד.

**כאשר האיר הבוקר,** אזוי ווי דער פרי מאָרגין האָט אויפגעשיינט, אין די שטראַלין פון די לעכטיגע זון האָבין אַבי־סעל בערוהיגט די סוחרים, אין זיי האָבין אָנגעהויבן צו קומען צו זייערע כוחות, האָבן זיי געזען דאָס מען קען נישט ווייטער פאָרין ביז מ׳וועט מאַכין עפּעס אַ סדר צווישען די סוחרים דאָס איינער זאָל העלפין דעם אַנדערין, דען פיעל סוחרים זענען געבליבען אָן זייערע פערד אין מוילאַייזליך, אַזוי דאָס זיי האָבין נישט געהאַט מיט וואָס ווייטער צו פאָרין, אַ טייל מענטשין זענען ווידער געבליבען אָן שפייז, עס איז זיי פשוט

אויסגעקומען צו שטאַרבין פאַר הינגער. אין דאָס שווערסטע פאָן אַלעם איז געווען וועגין וואַסער, עטליכע מענטשין האָבין אין גאַנצין געהאַט וואַסער, די איבריגע האָבין גיקענט אויס־טריקענן פון דאָרשט אין דער שרעקליכער מדבר.

ויצו השר שלהם. האָט דער הויפּטמאַן זיי געזאָגט, הערט אויס מיין עצה, יעדער זאָל מיר איבער געבין זיינע בהמות, אויך די עסענוואַרג, אין אַלע געטרענקען זאָל מען מיר איבער געבין, עס איז פיר אונז אַלע אַ „שעת־סכנה" איז נישט דאָ קיין בעל־בית, נאָר יעדען איינעמס בעזונדער געהער פאַר אַלע צוזאַמען. אַלע מענטשין האָבין גלייך מקיים־פּסק געווען, אין מ'האָט גלייך איבער געגעבין פיר דעם הויפּטמאַן, אַלע בהמות, דאָס גאַנצע עסענוואַרק, אין אַלע כלים מיט דעם וואַסער, דער הויפּטמאַן האָט איינגעטיילט פיר יעדין אַ בהמה, דאָס יעדער זאָל האָבין אויפוואָס וויטער צו רייזען, אויך האָט ער איינגע־טיילט דאָס עסין, דען עס איז געווען גאַנץ גענוג, וואָרין נאָר אַ קליינער חלק איז צוגרינד געגאַנגען אין די מלחמה, נאָר דאָס וואַסער דאָס האָט דער הויפּטמאַן נישט אַרויס געגעבין פון זיינע הענט, מען האָט אויפגעלאָדענט אַלע כלים מיט וואַסער אויף עטליכע קאַמעלין, אין דער הויפּטמאַן אַליין האָט אַכטינג געגעבין דערויף. דער הויפּטמאַן האָט אַרויס־געגעבין אַ בעפעל דאָס קיינער טאָר נישט אַליין אַרויסנעמען אַ טראָפּין וואַסער אָן זיין ערלויבעניש, ער האָט געזאָגט יעדין טאָג וועלין אַלע מענטשין בעקומען אַ מאָס וואַסער, וויפיל אַ מענטש מוז האָבין צו דער האַלטין זיין לעבין, נאָר אַזוי ווי די נאַטור פון די מענטשין זענען נישט גלייך, איינער מוז האָבין מער, אין איינער קען זיך בעגיין מיט ווייניגער, דאַריבער זאָל יעדער וויסען דאָס אויב עס בלייבט אים אַביסיל וואַסער מוז ער דאָס צוריק געבין פיר דעם הויפּטמאַן, קיינער

זאָל נישט אונטערשטיין צו קאָכין אָדער זיך צו וואַשין מיט אַ טראָפּען וואַסער. מיר מוזען זיך אַזוי שטרענג אויפפירען ביז מיר וועלין דורך גיין די גרויסע און שריקליכע מדבר, ווען נישט קענען מיר אַלע שטאַרבין פון דאָרשט. אַלע סוחרים האָבין איינגעשטומט דאָס דער הויפּטמאַן איז גערעכט, און ווער עס וועט עובר זיין אויף זיין באַפעל, וועט מען אים דן זיין למיתה. דאָ, אין מיטען דער מדבר, וועט זיין קערפּער איבער בלייבין.

כאשר שמע רבי אברהם, ווי רבי אברהם האָט גיהערט דעם בעשלאָס פון די סוחרים איז אים פינסטער געוואָרין פאַר די אויגין, עס קומט אויס דאָס ער זאָל שטאַרבין פון הונגער, דען ער וועט נישט האָבין קיין וואַסער זיך צו וואַשין „נטילת־ידים" און אָן נטילת־ידים וועט ער נישט עסין. ער איז אין די שטיל צוגעגאַנגען צו דעם הויפּטמאַן און האָט אים ער־קלערט דאָס זיין עצה איז זייער ריכטיג, אָדער פיר מיר בעטייט דאָס אַ טויט אורטייל, דען איך בין אַ יוד, און אַ יוד טאָר נישט עסין אום געוואַשין.

ויהיו בעיניו כמשחק. די ווערטער פון רבי אַברהם האָבין אויסגעקוקט אין די אויגין פון דעם הויפּטמאַן ווי אַ גילעכטער, וואָס שפּרעכסטו נאַרישקייטין — האָט דער הויפּט־מאַן אים געענפערט — מיר ברויכין גרויס רחמים דאָס אינזער ביסעל וואַסער זאָל גענוג זיין צו טרינקען אויף צו דער האַלטין דאָס לעבין, ווילסט דו נאָך דערפון אויסגיסען אויף די ערד ? רבי אברהם האָט נאָך געוואָלט עפּעס זאָגין פיר דעם הויפּטמאַן, נאָר דערווייל האָבין זיך דערוואוסט די גוי׳אישע סוחרים וואָס רבי אברהם פערלאַנגט, האָבין זיי געמאַכט אַזאַ גרויסען געוואַלד, דאָס רבי אברהם האָט זיך קוים ארויס־גערוקט פון זיי. רבי אַברהם האָט געזען דאָס עס איז נישט

דאָ קיין שום עצה, האָט ער ביי זיך בעשלאָסין ער וועט גיין ביז זיינע כחות וועלין זיך אים אויסלאָזין, אָדער עסין אום געוואַשין וועט ער אויף קיין פאַל נישט.

**ויהי ביום השלישי.** דריי טעג איז נעבעך אַזוי געגאַנגען רבי אברהם פערשוואַכט פון הונגער אין די טיפע זאַמדען פון דער שרעקליכער מדבר, די זון האָט פון אויבין געשאָטין פלאַ־מען פייער, די זאַמדין פון הונטען האָבין צוריק אָפּגעשפיגעלט אין ארויס געשפיגען אַ היץ פון אַ קאַלעך אויבין, אין אַזאַ גיהנום האָבין זיך נעביך געפינען די טריקענע ביינער פון אינזער רבי אברהם, צוויי טאָג האָבין זיי דאָס אַדורך גיטראָגין, אָדער אויף דעם דריטען טאָג האָט דער גוף אויפגעזאָגט זיין אמט. די פוס האבין אויפגעהערט צו גיין, קוים קוים זיי האָבין זיך גערירט פון פלאַץ, די אויגין האָבין נישט געוואָלט זען מער די ביטערע וויסטעניש, אין דער קאָפּ, אָה! דער האָפּ! ער האָט זיך נאָר געוואָלט ארויסרייסין פון האַלדז.

פלוצום הערט מען אַ באַפעל פון דעם הויפּטמאַן, שטיין! די גאַנצע קאָמפּאַניע איז איינגעשטאַנען, יעדער קוק צו דעם הויפּטמאַן וואָס איז עפּעס געשען?, רבי אברהם איז אַראָפּ געפאַלין פון זיין פערד, האָט דער הויפּטמאַן אויסגעריפען מ׳זאָל גלייך זען וואָס דאָס איז אַז ער שטייט נאָך נישט אויף פון די ערד, ווי זיי זענען צו געגאַנגען צו רבי אברהם האָבין זיי געזען דאָס ער איז שוין כמעט טויט. אַזאַ זאַך פלעג גאַנץ אָפט פאָרקומען ביי די קאָמפּאַניעס, דאָס איינער פלעג ארופּ־פאַלין אַ טויטער פון אַ זונען שלאַק. זיי האָבין געפּרופט אים צו מונטערין אָדער ווי זיי האָבין געזען דאָס עס גייט נישט האָבין זיי אויפגעהערט, אין האָבין צוגעוואַרט ביז ער וועט אָפּשטאַרבין, זיי זאָלין עם בעגראָבען אין די זאַמדען.

**לב שרים ביד ה׳.** אויפֿאײנמאָל ריפֿט זיך אָן דער הויפּט־מאַן, אָה! וואַ! עס איז מיר אויף די געדאַנקען געקומען דאָס עס איז מעגליך אַז וויר האָבין אַ טייל אין דעם ערליכען מאַנס טויט, ער האָט אינז נעבאַך געזאָגט דאָס מיר אָרטיילען עם צו טויט מיט דעם וואָס וויר גיבען אים נישט קיין וואַסער, עס איז מעגליך דאָס ער איז פּשוט פֿער׳חלשט. דער הויפּטמאַן אַליין איז אַ רופֿ פֿון זיין פֿערד אין איז צוגעגאַנגען צו רבי אַברהם, אין האָט אים פֿראָבירט אויפֿצומונטערין. עס איז אַפֿילו גאָר שווער געגאַנגען אָדער סוף כל סוף איז אים געלונגען צו דערמונטערין. ווי די סוחרים האָבין גיזען דאָס גרויסע מסירות־נפש פֿון דעם ערליכען רבי אַברהם, האָבין אַלע איינגעשטוּמט דאָס ער זאָל בעקומען יעדין טאָג וואַסער אויף נטילת־ידים. דער זכרון פֿון מענטש איז אָבער זייער קאָרץ, עס איז נישט דורעך אַ וואָך אין די סוחרים האָבין אָנגעהויבין צופֿאַרגעסין זייער צוזאָג. זיי האָבין זיך אָנגעהויבין אינטער צו רעדין דאָס צו ליעב דעם יוד וואָס וויל הייסין אַן ערליכער מאַן ווערין זיי נאָך שטאַרבין פֿאַר דאָרשט, דאַן האָט רבי אברהם זיך דערמאַנט אין דעם קלוגען וואָרט פֿון שלמה המלך „הכסף יענה את הכל״ מיט געלט קאָן מען אַלעס אָרדענען, געקלערט אין גיטאָן, ער האָט אַרויס גינימען זיין זעקיל מיט די הונדערט טויזינט גאָלדענע דאָקאַטין אין האָט דאָס אַ וועק געגעבין דעם הויפּטמאַן ער זאָל דאָס צוטיילין צווישען די סוחרים, וועגין דעם וואַסער וואָס ער בעקומט מקיים צו זיין די מצווה פֿון נטילת־ידים.

**ויישתומם השר.** דער הויפּטמאַן איז געבליבען שטיין פֿערוואונדערט, ער האָט זיך נישט געוואָלט גלייבין וואָס ער זעט, אַזאַ גרויס פֿאַרמעגין וויל דער יוד אַוועק געבין צוליב אַ מצוה, אַה! ווי געפֿינט מען נאָך אַזאַ ערליך פֿאָלק ווי דאָס

אידישע פאָלק, האָט זיך דער הויפּטמאַן גיטראַכט, קודם האָט ער דאָס נישט געוואָלט צו נעמען, זאָגענדיג מיר האָבין דיר צוגעזאָגט אומזיסט וואַסער, ווילען מיר מקיים זיין אונזערע ווער־טער, רבי אברהם האָט אָבער פערשטאַנען דאָס די הבטחה וועט נישט לאַנג דויערין, האָט ער שטאַרק איינגעבעטין דעם הויפּט־מאַן ער זאָל דאָס צו נעמען אין צו טיילין צווישען די סוחרים. דער הויפּטמאַן האָט אים צוליב געטון אין עס צוטיילט צווישען די סוחרים, פון דעמאָלטס אָן זענען טאַקע אַלע שטיל געוואָרין, אין רבי אברהם האָט דעם גאַנצען וועג בעקומען וואַסער אויף נטילת־ידים. די נסיעה ווייטער האָט זיך געפירט אין די בעסטע אָרדענונג, אין זיי זענען אַריבער די גרויסע אין שרעקליכע מדבר בשלום, עס איז זיי אַפילו נאָך געבליבען וואַסער אין די כלים.

ויהי כאשר עברו את המדבר. ווי זיי זענען אָנגעקומין אין דער צווייטער זייט פון דער גרויסער און שרעקליכער מדבר האָט זיך רבי אַברהם מיישב גיווען, צו וואָס זאָל איך יעצט פאָרין מיט די סוחרים קיין אַפריקה? מיט וואָס וועל איך דאָרט האַנדלען? יעצט בין איך דאָך אַ אָרימאַן, איך האָב קיין פּרוטה ביי די נשמה. ער האָט זיך געזעגינט מיט די סוחרים, אין האָט גענומען אַ גראָבין שטעקין אין די האַנט אריין. זיך ארויפגעזעצט אויפן פערד אין זיך געלאָזט רייטען אויף גאָט׳ס וואונדער. אולי ירחם, אפשר וועט ער אָנטרעפין אַ אידיש שטעטיל.

ה.

צדיקים תחילתן יסורים. די הייליגע גמרא זאָגט דאָס צדיקים איז זייער אָנפאַנג מיט יסורים, אָדער זייער ענדע איז אַ שטילער זיסער נחת. רבי אברהם זעט אויס האָט נאָך נישט געהאַט געענדיגט מיטן אָנפאַנג, ער האָט נאָך געהאַלטין

אין מיטען די יסורים, דען ווי ער האָט זיך געזעגנט מיט די סוחרים, אין האָט אָנגעהויבן צו רייטין מיט זיין פערד, האָט ער גלייך פערלוירין דעם ריכטיגען וועג, ער האָט געריטען עטליכע וואָכין איבער טאָל אין איבער בערג, ביז ער איז אַריינגעריטען אין אַ גרויס געדעכט וואַלד, קודם האָט זיך אים אויסגעדאַכט דאָס ער געפונט זיך אין דער היים, דען זייט ער איז אַרויס פון לאַנד „כוזר“ האָט ער אַזאַ געדעכט וואַלד מיט אַזעלכע דיקע אין גרויס ריזיגע ביימער נישט געזען, נאָר באַלד האָבין אים די ווילדע חיות געשטעלט אויף זיין טעות, אין לאַנד כוזר איז קיין ווילדע חיות וואָס עסין מענטשין נישט דאָ, אין דאָ איז דער וואַלד פול מיט גרויסע שרעקליכע לייבין, לעמפּערס, אין נאָך פערשידענע חיות וואָס ער האָט אָפּילו נישט געוואוסט דאָס עס זענען פאַרהאַנען אַ זעלכע חיות, אַ גאַנצען טאָג איז ער געריטען אויף זיין פרד מיט פיעל פּחד אַלץ טיפער אין טיפער אין וואַלד אַריין, די חיות זענען פון די ווייטענס אַלס אַריבער געגאַנגען, זיי האָבין געגעבין אַ קוק מיט זייערע שאַרפע בייזע אויגין, אָדער זענען נישט נאָנט געקומען, ווי ס׳האָט אָבער אָנגעהויבען טונקעלער צו ווערין זענען זיי אַלטס נענטער געקומען, ביז רבי אַברהם האָט געזען דאָס די נאַכט איז שוין באַלד דאָ, האָט ער זיין ריזען פערד צוגעבונדען צו א גרויסען בוים אין ער אַליין איז ארויף גע־קראָכין אויף דעם בוים. די נאַכט איז געווען זייער אַ פינסטערע רבי אברהם האָט נישט געקענט זען אָפּילו די צווייג אויף וועלכע ער איז געזעסין. גלייך ווי עס איז נאָר פינסטער גע־וואָרין האָט נעביך רבי אברהם גיהערט די ביטערע געשרייען פון זיין פערד. ער האָט גיהערט ווי ס׳שטויסט מיט די פיס, ווי ס׳וואַרפט זיך אויף דער ערד, אָדער ער האָט איר גורנישט געקענט העלפין, דען וואָס איז דען אַ קליין מענטשעל קעגין

אַ זעלכע גרויסע חיות וואָס האָבין אויפגיגעסין דאָס פערד. זעט אויס דאָס די סעודה וואָס דיווילדע חיות האָבין זיך געמאַכט פון דעם גרויסען פערד איז זיי געווען צו ווייניג. זיי האָבין דערשפּירט דאָס אויף דעם בוים געפינט זיך נאָך אַ בעשעפעניש וואָס ער קען זיי משלים זיין די סעודה, האָבין די גרויסע ווילדע חיות אָנגעהויבין צו שאָקלען און טרייסלען דעם בוים וואָס רבי אברהם איז אויף עם געזעסין, אַזוי שטאַרק האָבין זיי אים געשאָקלט אַז זיי האָבין אים כמעט אויסגעריסען, צודעם צו האָט נאָך געבלאָזין אַ שרעקליכער שטורעם ווינט, וואָס האָט שיעור רבי אברהם׳ען אַוועק גיטראָגען אין די ליפטען, בחינם האָט זיך רבי אברהם אָנגעהאַלטין מיט אַלע זיינע כחות, די ריזיגע חיות מיט דעם שטאַרקען שטאָרעם ווינט זענען שטאַרקער געווען פון אים, און ווען דער שרעקליכער שטורעם ווינט האָט גיעגבין אַ בייג צו דעם בוים כמעט ביז צו די ערד האָט זיך רבי אַברהם אַראָפּ גיגליטשט פון דער דיקער צווייג וואָס ער איז געריטען אויף איר. אין איז אַראָפּ געפאַלין אויף די ערד.

נישט טויט אין גישט לעבעדיג איז רבי אברהם גילעגין אויף די קאַלטע ערד פון דעם געדעכטן וואַלד. אויף דעם זעלבין אָרט וואָס מיט אַ קליינע צייט צוריק האָט מען זיין פערד — די איינציגע זאַך וואָס עס איז אים נאָך איבער געבליבען פון זיין פאַרמעגין — צוריסען, אין אויף געפרעסין. ער איז אַזוי גילעגין אויף די ערד אין גיוואַרט דעם טויט, די פינסטערע נאַכט איז פאַר רב אברהם נאָך טונקעלער געווארין ווי זי איז באמת געווען. פון טיפען האַרץ אין פון די אָבגרינדען פון זיין ערליכע נשמה האָט זיך גיגעבין אַ רייס אַרויס אַ יעמערליך געשריי. „רבונו־של־עולם הושיעה־נאָ למען רבי ברכיה אבי״ „רבונו־של־עולם העלף מיר אין דעם

זכות פון מיין ערליכען פאָטער וואָס איז שטענדיג געגאַנגען אין דיינע וועגין״. ער האָט אָדער נישט פערהאַפט צו ענדיגען זיין געבעט, דען זאָגענדיג די ווערטער האָט ער געפילט ווי עפּעס דרנענטער זיך צו אים, ער האָט גלייך פערשטאַנען ווער דאָס איז: אַ לייב, אַ לעמפּער, אָדער אַפילו אַ גרויסער וואָלף איז אויך געוויס געווען דאָס ער זאָל אומברנגען אַזאַ שוואַך בעשעפעניש ווי אַ מענטש איז. ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט דאָס זיינע מינוטען זענען שוין נאָר געציילטע, אפילו צו קיין „קבר־ישראל וועט ער אויך נישט קומען. אַנדערע מענטשין אין אזא צייט וואָלטין געוויס געקלרעט פערשידענע טענות מיט תביעות צו השי״ת פיר וואָס עס קומט זיי אַזאַ ביטערער טויט. אָדער נישט אַזאַ צדיק ווי רבי אברהם וועט חלילה טענות האָבין, גאַנץ אַנדערע מחשבות זענען אים אַרום גישווימען אין זיין קאָפּ. ער האָט זיך געוואָלט מאַכין אַ שטיקעל חשבון־הנפש פאַר דער לעצטער מינוט וואָס ער שייט זיך אָפּ פון די וועלט וואָס ער האָט פערצין יאָר אויף איר פערברענגט. דעם חשבון זיינעם האָט ער אָנגעהויבין צו טראַכטין פון גאָר זיינע יונגע יאָרין, די געדאַנקען האָבין אים צוריק געפירט צו זיינע שיינע און זיסע קינדערישע יאָרין, ווען זיין הייליגער פאָטער האָט נאָך גילעבט. עס האָט זיך אים פאָרגישטעלט אין די אויגן ווי גלייך עס וואָלט יעצט געווען. דער פאָטער זיצט אויף זיין אַלטע אין שיינע שטול, די דריי זון זיינע, זיצען אַרום אים, אין דער פאָטער לערינט מיט זיי אין דעם ספר „חובת־הלבבות״, עס האָט אים אָנגעהויבין צו קלונגען אין די אויערין די פייערדיגע שטומע פון זיין פאָטער אין האָט זיך פינקטליך דערמאָנט וואָס ער האָט זיי דעמאָלט געזאָגט:

מיינע זיסע קינדערליך, — השי״ת זאָל אייך מיר שנעקען אויף אייביג, — איבער אַכציג יאָר בין איך היינט אַלט, אַסאַך

האָב איך שוין אַריבער געלעבט אויף מיין וועלט, אין נאָך אַלעם זעה איך אַז די וועלט איז נאָר אַ „חלום", איינער חלומט זיך אַ זיסען חלום, אין איינער אַ ביטערין חלום, אָדער יעדער איינער ווען ער דערוועקט זיך בלייבט אים גאָרנישט איבער פון די אַלע חלומות. דאַריבער מיינע ליבע קינדער פירט אייך אין דעם אמת׳ן וועג פון די תורה, אין גייט נישט נאָך די תאוות עולם־הזה, וועט אייך זיין גוט אויף די וועלט, אין איר וועט אייך נישט ברויכין שרעקין פאַר דער מינוט וואָס מען געזעגינט זיך אָפּ פון די וועלט. דען אויף יענער וועלט, וואָס דאָרט איז דאָס ריכטיגע אייביגע גליק, וועט אייך הערשט וואַרטין דער גרויסער שכר, וואָס אינזער מענטשליכער געדאַנק קען זיך נישט פאָרשטעלין דעם גרויסען תענוג אין נחת וואָס עס האָט דער וואָס איז זוכה צו דעם „עולם־הבא".

אה! ווי הייליג אין טייער זענען געווען מיין ערליכענע פאָטער׳ס ווערטער — האָט רבי אברהם גיטראַכט ביי זיך — דעמאָלט האָב איך נישט געקלקערט אויף דעם, דאָס איך וועל זיך אויף אַזאַ ביטערין אופין ברויכין געזעגינען פון די וועלט. וואָס וואָלט איך שוין היינט געהאַט ווען איך פאָלג חלילה נישט מיין פאָטער, פון די אַלע הבלי עולם־הזה וואָלט מיר מימלא גאָרנישט געבליבען, אין יעצט וואָלט איך דאָ גילעגין מיט אַ בלוטיגען קאָפּ, וועגין מיין שרעקליכען פסק־דין וואָס עס וואַרט מיך אויף יענער וועלט. אָדער אַצונד אַז איך שפיר ביי מיר אין האַרצין דאָס וויפיל נאָר אַ מענטשין מעגליך איז, האָבע איך מקיים געווען די מצוות פון השי״ת, זענען מיינע געפילען בערוהיג׳ט.

אָה! ווי גוט אין קלוג האָבע איך געטאָן דאָס איך האָב גיפאָלגט מיין ערליכען טאַטען. נאָך אַפּאָר מינוט וועל איך זיך שוין ווידער זען מיט אים, ער וועט געוויס מיר אַנטקעגין

קומען. דאָס ביטער קייט פון דעם טויט איז גאָרנישט אַזוי שרעקליך פיר דעם וואָס שפירט ביי זיך דאָס ער האָט זיך דאָ — אויפ די וועלט — ערליך אויפגיפירט. איך שטעל מיר פאַר דאָס אויך די מצווה פון „נטילת־ידים" וואָס איך האָב זיך מוסר־נפש געווען פאַר איר, וועט מיר אויך אַנטקעגין קומען אויף יענער וועלט, אין דאָרט וועט זי זיך מוסר־נפש זיין וועגין מיר. ניין! דער פחד פאַר דעם טויט איז גאָר איבריג. דיזע מחשבות אין נאָך אַזעלכע מחשבות זענען אַרים געשווימען אין קאָפּ פון רבי אברהם, ווען ער האָט זיך געהאַלטין ביים גיזעגינען פון די וועלט.

טראַכטענדיג אַזוי, אין וואַרטענדיג דאָס די זאַך וואָס עס האָט זיך אָנגעהויבין צו דערנענטערין צו אים — ווען ער האָט גיהאַלטין אין מיטן זיין תפילה — זאָל אים שוין צו נעמען זיין לעבין. שפירט ער דאָס עפּעס אַ האַנט פון אַ מענטש ליגט אויף זיין שטערין. ווי מער ער האָט געפילט די האַנט אויף זיין שטערין האָט ער געשפירט ווי זיינע כוחות ווערין אַלץ מער אויף געפרישט, אין וויא עס וואָלט אים גרינגער געוואָרין אויף דעם האַרצין, ער הייבט אויף זיין האַנט כדי אָן צו כאַפּין זיין שטערין ער זאָל זיך איבערצייגין צו באמת ליגט אויף אים אַ האַנט פון אַ מענטש, אָדער עס דאַכט זיך אים נאָר אויס. ווי ער הייבט אויף זיין האַנט שפירט ער אַז די האַנט וואָס איז גילעגין אויף זיין שטערין שטעקט אַריין אין זיין האַנט אַ גרויסען אייזערנעם שליסעל. ער האָט נישט געהאַט קיין צייט צו טראַכטין וואָס דאָס איז, דען גלייך האָט זיך אַראָפּגעלאָזסט אַ שרעקליכער שטורעם רעגין. ער הייבט זיך אויף פון די ערד ארויף צו קריכען אויף אַ בוים, אפשר וועלין די בלעטער פון בוים אים שיצען אַ ביסעל פון דעם שרקליכען רעגין. אָדער אַזוי ווי ער האָט זיך נאָר אויפגעהויבין פון די ערד, האָט זיך

געגומען נאָכיאָגען נאָך אים אַ גרויסער לייב. ער הייבט אָן צו לויפּין מיט אַלע זיינע כּוחות צווישען די גרויסע און דיקע ביימער פון דעם געדיכטען וואַלד, אָדער ווי שנעלער ער איז געלאָפין איז דער לייב נאָך גיכער אים נאָכגעלאָפין, ביז ער האָט אים כּמעט דער גרייכט.

וגבר המטר. דער רעגין איז דערווייל געוואָרין שטאַר־קער און שרעקליכער. די חיות האָבין גישריגען מיט יעמער־ליכע קולות, די דונערן האָבין דערציטערט די ערד, די פינסטערע הימלען זענען פון מאָל צו מאָל זוי ווי איינגעריסען געוואָרין פון די ליכטיגקייט פון די שאַרפע בליצען, עס האָט אויסגיזען דאָס די וועלט גייט איינפאַלין. אין די שרעקליכע נאַכט איז נעביך עלינט אין אַליין רבי אברהם געלאָפין צווישן די ביימער אין חיות אַ גאַנצע נאַכט. פאַר טאָג ווען ער האָט געפילט דאָס זיינע לעצטע כּוחות לאָזין זיך שוין אויס האָט ער באַמערקט — דורך די ליכטיקייט פון אַ שאַרפין בליץ — אַ גרוסען אין גאָר אַ דיקען בוים. דער בוים איז געווען דיק אַזוי ווי אַ הויז. די בלעטער זענען געווען יעדעס איינע בלאַט גרעסער פון אַ מענטש. מיט די לעצטע כוחות זיינע איז רבי אברהם צו געלאָפין צו דעם בוים, און מיט דעם גרויסען אייזערנעם שליסעל וואָס ער האָט באַקומען פון דער פאַרבאָרגענער האַנט האָט ער זיך ארויפגישלעפּט אויף דעם גרויסין אין ריזיגען בוים. די צווייגין פון דעם בוים זענען געווען אַזוי דיק און ברייט, דאָס ער האָט זיך גיקענט רוהיג ארופלייגין שלאָפין אויף זיי. אָן אַ שום פחד דאָס ער וועט זיך אַרופגליטשען פון זיי.

וערבה שנתו. אָפּגיפּלאָגט אין אָפּגעמאַטערט האָט רבי אברהם געליינט „קריאת־שמע", אין מיט גרויס כוונה גיזאָגט „ברכת־המפיל", איבער הויפּט האָט ער שטאַרק מכוון געווען

ביי די ווערטער „והאר עיני פן אישן המות“ וואָס מזאָגט אין „ברכת־המפיל, מ׳בעט ביי דעם רבונו־של־עולם „זאָלסט דער־לייכטין מיינע אויגין — איך זאָל זוכה זיין צופרי מאָרגען אויפשטיין — טאָמער שלאָפ איך איין אויף אייביג“. נאָך קריאַת־שמע האָט זיך רבי אברהם מיט אַ רוהיג האַרץ אין מיט אַ גרינגען געמיד געלייגט שלאָפין, אין איז גלייך איינ־געשלאָפין אין אַ טיפען שלאָף.

ו.

כבוא השמש. ווען די זון האָט שוין גיהאַלטין ביים אינטער גיין, האָט זיך רבי אַברהם הערשט דערוועקט דעם אַנדערין טאָג, עס האָט זיך שוין כמעט נישט דערקאָנט דאָס נעכטין האָט זיך דאָ אַראָפּגעלאָזסט אַ מבול, ער נעמט שנעל זיינע תפילין וואָס זיין פאָטער האָט אים געלאָזסט שרייבין ביי דעם חשוב׳סטען סופר פון גאַנצען לאַנד „כוזר“. אין טוט זיי אָן, אין מיט גרויס כוונה האָט ער אויסגיגאָסין זיין ערליך האַרץ פאַר השי״ת. נאָך דעם דאַווינען האט ער אָנגע־הויבין צו בעטראַכטין דעם שרעקליכען בוים זיינע ריזיגע צווייגין מיט די אומגעוואנדליכע גרויסע אין ברייטע בלעטער. קוים קוים האָט ער גיקענט אַרויסקוקען פון זיי. ווי ער קוקט אַזוי אַרויס דערזעט ער אַ גרויסין שטיין פון צוועלף איילין הויך אין אַכט איילין ברייט. דער שטיין איז געווען זייער שיין ארומגעהאַקט פון אַלע זייטען.

אַזוי ווי עס איז שוין געווען גאַנץ טונקעל האָט רבי אברהם מורה גיהאַט יעצט אַראָפּצוגיין פון דעם בוים, נאָר ער האָט ביי זיך בעשלאָסין דאָס גאַנץ פריה ווען ער אויפשטיין און ווען פון הינטען בעטראַכטען דאָס גאַנצע פלאַץ אין אָנ־הויבין צו זוכען אַ וועג אָדער אַ שטעג וואָס זאָל אים אַרויס־

טראָגין פון דעם שרעקליכען וואַלד. רבי אברהם האָט ווידער געליינט „קריאת־שמע" מיט גרויס כוונה, און זיך געלייגט שלאָפין.

**ויהי בחצי הלילה.** אין מיטען די נאַכט וועקט זיך אויף רבי אברהם פון אַ גערעש און קלאַפעריי וואָס האָט זיך פּלוצ־לונג געהערט אין דעם וואַלד. ער קוקט אַרויס פון צווישען די גרויסע בלעטער פון דעם בוים זעט ער, אויף ריזיגע פערד איז אָנגעקומען צו רייטין אַ גרויסע מחנה מיט מענטשין וואָס אויף זייערע פּנימער האָט מען געקאָנט דער קענען דאָס זיי זענען אַ „רויבער־באַנדע", יעדער איינער פון די גזלנים האָט געהאַלטין אין די האַנט אַ גרויסע לאַמטערנע צו לייכטין דעם וועג. דאַדורך האָט רבי אברהם געקאָנט אַלצדינג פּונקטליך זען, זיי — ווידער — האָבין רבי אברהם'ן בשום אופין נישט געקאָנט זען, דען די גרויסע און ריזיגע בלעטער האָבין אים פאַרשטעלט פון זיי.

**פני השודדים.** יעדער איינער פון די גזלנים איז געווען אָנגעטאָן אַ קופּערנעם פּאַנצער, און געהאַלטען אַ גרויסע שווערד אין די האַנט, אַ חוץ דעם זענען זיי געווען אויפגעוואָפּינט מיט קופּערנע פיילענבויגינס, און אין די צוויי זייטין פון זייערע זאָ־טלען האָט גישטעקט קופּערנע שפּיזען, זיי זענען גיגאַנגען באַוואָקסין מיט די האָר פון אַ רוים אין אַרום, און מיט לאַנגע נעגיל, און יעדער איז נאָך געגאַנגען אָנגעטאָן אַ גרויסען אייזערנעם פּאַנצער־הוט, און אין מיטען דעם הוט האָט זיך דער הויבין אַ גרויסע אייזערנע שפּיז וואָס האָט אויסגעזען אַזוי ווי אַ האָרין. עס איז געפאַלען אַ טויט־שרעק צו קוקען אויף זיי. אויף אַ גרויס פערד וואָס איז געווען העכער פון אלע פערד, האָט גערייטען אַ מענטש וואָס איז געווען זייער הויך, אין איז געגאַנגען געקליידעט אין גאָלדענע קליידער, און

אויפ דעם קאָפּ האָט ער גיטראָגין אַ גרויסע גאָלדענע קרוין, וואָס די אַבנים־טובות האָבין געלויכטין פון איר אזוי ווי שטערין פון הימעל. דאָס איז געווען דער „מלך“ פון די „גזלנים“. דער מלך איז צוגעגאַנגען מיט אַ גרויסען אין ריזיגען שליסעל נעבין דעם הויכין שטיין וועלכער איז געשטאַנען ביי דעם גרויסען בוים וואָס רבי אברהם איז געזעסין און געציטערט אויפ אים. דער מלך האָט אריינגעשטעקט דעם שליסעל אין דעם גרויסען שטיין, און האָט גיגעבען דריי שליס אויף, האָט זיך דער שטיין געעפינט אין עס איז געוואָרין דאָרט אַ גרויסער טויער. דריי טויזינט רייטערס האָט רבי אברהם געציילט. ווען זיי זענען אַריין אין דעם גרויסען טויער וואָס איז געוואָרין פון דעם גרויסען שטיין. ווי די רייטערס האָבין גיענדיקט אַריין צוגיין, האָט זיך דער שטיין פערמאַכט אין האָט ווידער אויסגעקוקט פונקט ווי פריער. דאָס אַלעס האָט רבי אברהם פונקטליך געזען צוליב די ליכט פון די לאַמטערנעס וואָס יעדער רייטער האָט גיהאַט אין די האַנט.

די נאַכט האָט שוין רבי אברהם מער נישט צוגעמאַכט קיין אויג, ער האָט פערשטאַנען אַז דאָס איז עפּעס נישט אַ פשוט׳ע זאַך וואָס דאָ גייט פאָר, אויך האָט ער פערשטאַנען אַז נישט בחינם האָט מען אים פון הימעל אַ הער פעריאָגט. ער האָט איבערגעטראַכט אַלצדונג וואָס איז מיט אים אַריבער אין דעם וואַלד, ער האָט זיך דער מאַנט אין דער פאַרבאָרגענער האַנט וואָס האָט איהם געגעבען פרישע כוחות. אויך גיט ער אַ קוק אויף דעם גרויסען אייזענעם שליסעל וואָס ער האָט בעקומען פון דער פאַרבאָרגענר האַנט, און טראַכט זיך ווי איז מעגליך מיט מענטשליכע כּוחות דאָס איך בין געלאָפין אַ גאַנצע נאַכט מיט אַזאַ גרויסען אייזענעם שליסעל, אין די הענט. ער הייבט אים אויף ער זאָל זען ווי שווער ער איז, זעט ער דאָס ער

וועגט גאָר נישט. ער איז גרינג ווי אַ פעדער. די נאַכט האָט זיך גאָרנישט געוואָלט ענדיגען ער קוקט אויס עס זאָל שוין טאָגין ער זאָל זען וואָס דאָ וועט זיך אויסלאָזין אָדער עס גייט זייער שטייט. קוים קוים האָבין זיך אָנגעהויבין צו בע־ווייזין די שטראַלין פון דעם פרימאָרגען.

הבוקר אור. ווי עס האָט נאָר אָנגעהויבען צו טאָגין האָט זיך ווידער געעפענט דער שטיין, און רבי אברהם האָט אָפּ־געציילט דריי טויזינט רייטערס זענען ארויסגעריטען אין וואַלד אריין, ווי דער לעצטער רייטער האָט אַרויס געריטען, איז ווידער צוגעגאַנגען דער מלך און מיט דעם גרויסען איי־זענעם שליסעל האָט ער פערשלאָסין דעם שטיין. רבי אברהם האָט נישט געבריוכט אַסאַך קוקען כדי ער זאָל זען דאָס דער שליסעל וואָס דער מלך פון די גזלנים האַלט אין די האַנט זעט אויס פונקט ווי זיין שליסעל וואָס ער האָט בעקומען פון דער פערבאָרגענער האַנט.

ויתפלל אברהם. רבי אברהם האָט זיך גישטעלט דאווינען מיט גרויס כוונה און מיט אַ האַרץ פיעל מיט שמחה, ער האָט שוין געשפירט דאָס עס וועט זיך מיט איהם עפעס גוטעס פּאַסירען. נאָך דעם דאַווינען האָט ער נאָך גיזאָגט איין עקס־טערע תפילה דאָס השי״ת זאָל איהם העלפין אין זכות פון זיין ערליכען אַלטען פאָטער רבי ברכיה. און איז ארויס געקראָכין פון צווישען די בלעטער מיט דעם גרויסען אייזענעם שליסעל אין די האַנט. ער האָט זיך נישט פיעל בעמיען אין דער שטיין איז שוין אָפין געווען, פונקט ווי ער האָט זיך געעפינט פאַר דעם מלך פון די גזלנים.

ויתחזק אברהם. שטייענדיג ביי דעם טויער פון דעם גרויסען שטיין האָבין זיך געוואָרפין די געדאַנקען ביי רבי

אברהם אין קאָפּ צו ער זאָל אַריינגיין, אפשר געפונען זיך אינ־
װעניג עטליכע גזלנים איז ער געוויס אַ פערלוירענער. ער האָט
זיך אָבער מיישב גיוועזן אויב מ׳האָט פון הימעל אים גיגעבין אַ
שליסעל צו דעם שטיין וועט אים מיט גאָט׳ס הילף געוויס קיין
שלעכטץ נישט אַרויס קומען, און איז אַריין אין דעם גרויסען
טויער פון דעם שטײן. ווי ער איז נאָר אַראָפּ אויף די שיינע
טרעפּ (שטיגען) אין דער הייל אַריין איז פאַר אים אַזוי ווי אויפּ־
גידעקט געוואָרין אַ נייע וועלט. ווי ער האָט נאָר געוואָרפין
זיינע אויגין האָט ער אַלץ געזען שענערע און וואונדערליכערע
זאַכין, גרויסע אינטערעסאַנטע פּאַלאַצין האָבין זיך געפונען
פון אַלע זייטין, די פּאַלאַצין זענען געווען געבויעט גאַסין גאַסין,
איין גאַס איז געווען געבויעט פון פּאַלאַצין פון ווייסין מאַר־
מוירער שטיין, די צווייטע גאַס פון הימעל בלוי מאַרבויער שטיין,
די דריטע גאַס גרינע פּאַלאַצין און אַזוי אַלע גאַסין האָבין
גיהאַט אנדערע פאַרבין, דאָס שיינקייט פון די פּאַלאַצין האָט
צו געצויגין דאָס אויג, די טירען זענען געווען געמאַכט פון
טייער האָלץ וואָס האָט גיהאַט די זעלבע פאַרב פון פּאַלאַץ און
האָט אָפּגישפּיגעלט אַלעס וואָס איז געשטאַנען נעבין איר, די
פענסטער זענען געווען געמאַכט פון אַ טייער קריסטאַל גלאָז
וואָס איז ווייס ווי שניי. דאָס קריסטאַל גלאָז איז געווען אַזוי
קונצליך געמאַכט, אַז פון אינוועניג האָט מען געקאָנט דאַדורעך
אַרויס קוקען, אָדער פון דרויסין האָט מען נישט אַריין געזען
דורעך דעם גלאָז. ארום יעדין פּאַלאַץ איז געוואַקסין אַ שיינער
וואונדער באַרער לוסט גאָרטין וואָס האָט גיהאַט אין זיך
אלערליי ביימער מיט אַלע פרוכטין. די שיינע רויזין מיט אַנדער
בלומען און בשמים וואָס זענען דאָרט געוואַקסין האָבין ארויס
גענעבן אַ גוטען און געשמאַקען ריח וועלער האָט זיך צו שפּרייט
איבער די גאַנצע הייל. אין אַ ווינקעל פון דעם גאָרטין האָט

זיך געפונען אַ שטאַל פאַר די פערד, וועלכע איז אויך געווען געבויעט פון דעם זעלבין מאַרמויער שטיין וואָס דער פּאַלאַץ איז געווען געבויעט. די שיינקייט פון די פּאַלצין אינוועניג איז נישט צו באַשרייבען די פּיעל גאָלדענע און בריליאַנטענע צירונגען וואָס האָבין ארום גענומען די וועגט פון אינוועניג, האָבין בעצויבערט יעדין ווער עס איז אַריין.

השמים. פון די הייך אין דער הייל איז געווען געצויגין אַ הימעל וואָס איז געווען געמאַכט פון אַזאַ גאָלד וואָס לייכט גרין, אין עס איז געווען אין איהם אריינגעזעצט טייערע ליכטיגע שטערין. פון אינטער אַ פּאַלאַץ, וואָס איז געווען פיעל העכער אין ברייטער פון אַלע פּאַלאַצין, האָט ארויס גילייכט אַ שטאַרקע אין קלאָרע ליכט, וואָס האָט בעלייכט די גאַנצע הייל. פון וואָס די ליכט איז געווען האָט מען נישט געקענט זען, דען דער גרויסער פּאַלאַץ האָט דאָס פערשטעלט. רבי אברהם איז אָבער שטאַרק נייגעריק געווען צו וויסען פון וואָס די שאַרפע ליכט שטאַמט, איז ער צו געגאַנגען צו דעם גרויסן פּאַלאַץ. ווען רבי אברהם איז נעענטער געקומען צו דעם גרויסען פּאַלאַץ האָט ער געזען דאָס די שיינקייט פון אַלע פּאַלאַצין הייבין זיך גאָר נישט אָן קעגין די שיינקייט פון דעם פּאַלאַץ, דאָס איז געווען דעם קעניגס פּאַלאַץ. אין דעם הויף פון דעם פּאַלאַץ האָבין זיך געפונען דריי טויזינט גאָלדענע שטילען, העכער זיי איז געווען אַ גאָלדענע בימע, אויף די בימע איז געווען אַ טישעל פון גינגאָלד מיט דריי שטולען, צוויי אין די צוויי זייטין, פון גאָלד, און אין דער מיט איז געווען אַ העכערע שטול פון גינגאָלד.

בארמון המלך. רבי אברהם איז ארויף אויף די ברייטע גאָלדענע טרעפּ אין איז אַריין אין דעם קעניגס פּאַלאַץ, וואָס דאָ האָט זיך געפונען איז קיין מענטש נישט אומשטאַנד צו

באַשרייבען. די צירונגען וועלכע האָבּין באַדעקט די ווענט פון אינווענדיג. די קאָצין וועלכע האָבּין באַדעקט די טייערע פּאָדליגע פון מאַרמאָרשטיין, די טייערע שטיינער וועלכע זענען געווען אריינגעזעצט אין פלאַפאָן פון דעם פּאַלאַץ די אלע זאַכין איז אונזער געדאַנק צו אָרים זיך דאָס פּאָרצושטעלין. ער איז געגאַנגען פון שטוב צו שטוב, זיינע אויגין האָבּין זיך נישט געקענט אָן זאטין פון דעם שיינקייט. אין די קעלערין פון דעם פּאַלאַץ האָבּין זיך געפונען אַלערליי מאַכלים־טובים, זיי האָבּין ארויסגעגעבין זייער אַ געשמאַקין ריח, עס האָט זיך פשוט פערשמעקט פון זיי צו עסין, איין קעלער איז געווען פיעל מיט פעסער־וויין ישן־נושן. נעבין די קעלערין האָט זיך געפונען דאָס שיינע עס זאַל. אויף די ווענט פאָן דעם עס זאַל האָבּין געהאָנגען אַלערליי כלי־זמר פון ריינעם גאָלד. פידלען, צימבלעס, פון טייער פימזען־האָלץ, פויקין און פייקלעך, אין אַנדער כלי־זמר גאָר אָן אַ שיעור. טייכען מיט ריין וואַסער האָבּין זיך גיצויגין ארום די הייל, דאָס וואַסער איז געווען קלאָר ווי קריסטאַל, אין זיי האָבּין גישמעקט פון אַלע געשמאַקע ריחות שבעולם. די טייכין האָבּין זיך געצויגין אַרום די גערטנער אין זיי אָנגעטרונקען. רבי אברהם האָט פשוט נישט געוואוסט צו געפינט ער זיך אויף דער וועלט צו אויף יענער וועלט.

די אַלע זאַכין האָבּין אָדער נישט געשטילט זיין הונגער. דען שוין באַלד דריי טאָג וואָס ער האָט גאָרנישט געהאַט אין מויל. ווי עס פאַר שטייט זיך האָט רבי אברהם נישט צו גערירט צו די אַלע מעדני־מלכים, מיט די אַלע וויינען וואָס די גזלנים האָבּין געהאַט, דען זיי זענען דאָך געוויס נישט כשר געווען, נאָר בלויז אַ שטיקעל ברויט האָט ער זיך גענומען, ער האָט זיך געוואַשען די הענט מיט אַ גאָלדענעם שעפער און מיט גרויס

כוונה געמאַכט אַ ברכת „נטילת־ידים" און האָט זיך געזעצט עסין דאָס שטיקעל ברויט. עסענדיג קוקט ער אַרויף אויף די שטאַרקע ליכט, זעטער אַז די גאַנצע ליכט שטאַמט פון א פשוטען לאָמפּ. דער לאָמפּ איז געווען אַזוי קונצליך ארומגענומען מיט גרויסע פערגרעסערונגס גלעזער אז ער האט גילייכטין אזוי ווי די זון. אויך איז געווען קעגין דעם לאָמפּ אַריין גיזעצט זייער גרויס ברילליאַנט שטיינער וועלכע האָבין גימאַכט די שיינע פאַרב פאַר די ליכט, די ליכט פון דעם לאָמפּ איז דורך די פער־גרעסערונגס גלעזער אַזוי שטאַרק אין שאַרף גיוואָרין דאָס מען האָט נישט גיקענט קוקען אויף דעם אָרט ווי די ליכט קומט אַרויס. עקסטער איז געווען געמאַכט זייער קונצליך דאָס די ליכט איז פאַר נאַכט שוואַכער קיוואָרין ביז זי איז אינגאַנצין פאַרשוואונדען געוואָרין. דאָס איז געווען דורך אַזעלכע גאָלדענע בלעכין וואָס זענען געווען בעהאָפטין צו אַ זייגער ביי נאַכט האָט ער פער שטעלט די ליכט. און האָט אויפגידעקט אַ צווייטע ליכט אַ שוואַכערע וואָס האָט אויסגיזען ווי אַ לבנה, און צו פרי האָט דאָס פערשטעלט די לבנה, און אויפגעדעקט די זון, דאָס איז אַלעס געווען זייער קונסלעך צו גערישט.

זכר לחורבן. זייט דאָס הייליגע „בית־המקדש" איז חרוב געוואָרין קען דאָך קיין אידישע שמחה נישט זיין גאַנץ, שטענדיג מוז זיך אריין מישען עפּעס אַ זאַך וואָס עס צושטערט זי אַביסעל, אלס „זכר־לחורבן". האָט אויך רבי אברהם׳ן נישט גע־קענט בעקומען די שמחה בשלמות. נאָכין בענטשין האָט ער זיך ווידער גענומען אויסקוקען די אַנדערע זייטין פון דעם שיינעם פאַלאַץ, ער גייט פון איין שטוב צו די צווייטע, ער בעטראַכט אַלסדינג, אין גייט ווייטער. איינס פון די חדרים האָט גיהאַט אַ אויסער געווענדליכע שיינע טיער, רבי אברהם גייט צו אין עפענט די טיער. ווי ער עפינט די טיער איז ער געבליבען שטיין

נישט טויט נישט לעבעדיג, עס איז אים טונקעל געוואָרין פאַר די אויגין, אויף אַ גאָלדנע שטיל איז געזעסין עפּעס אַ מענטש. ער האָט גלייך פערשטאַנען אז דאָס איז געוויס דער שומר וואָס די גזלנים האָבין איבער געלאָזסט, און מן הסתם געפינען זיך נאך אַסאַך פון די שומרים, ער האָט שוין געזען ווי דער גאַנצער גן־עדן של תחתון גייט אים אונטער, אין אויף זיין אָרט קומט אינטער דאָס גי־הינום. ער האָט זיך שוין פעסט גענומען ווידוי זאָגין. דערווייל האָט ער זיך גוט איינגעקוקט אין פנים פון דעם מענטש וואָס איז געזעסין אויף דער שטיל, האָט ער געזען דאָס זיין געשטאַלט זעט נישט אויס ווי דאָס געשטאַלט פון אַ רויבער. ער האָט דערקענט אויפּ זיין פנים דאָס ער איז אויך זייער דערשראָקין געוואָרין. האָט ער זיך גענומען נענ־טער גיין צו עם, ווי ער איז נענטער געקומען האָט ער געזען אַז זיינע הענט אין פיס זענען געבונדען מיט אייזערנע קייטען.

ווען ער איז צו געקומען צו עם האָט ער געזען דאָס ער איז אַ שיינער יונגער מאַן און ער האָט זייער אַ איידעלע צורה. לויט ווי איך זע אין דיינע ווינעדיגע אויגין — האָט רבי אברהם צו איהם געזאָגט —. שרעקסט דו זיך פאַר מיר, דו מיינסט געוויס דאָס איך בין איינער פון די גזלנים, דאריבער וויל איך דיך קודם בערוהיגען דאָס איך בין קיין גזלן נישט, אין איך האָפּ מיט השם יתברך׳ס הילף וועל איך דיך נאָך היינטיגען טאָג בעפרייען פון דער געפענגעניש פון די גזלנים. דער הערענדיג די ווערטער איז אין דעם מענטש אַריין אַ נייע נשמה, ווען נישט די אייזערנע קייטין וואָס ער האָט געהאַט אויף די הענט מיט די פיס וואָלט ער זיך געוויס גענומען טאַנצין. רבי אברהם האָט אים ווייטער געזאָגט יעצט דערצייל מיר פונקטליך ווער דו ביזסט ?, און פון ווי דו ביסט ?, אין ווי אַזוי

ביזט דו אַהער געקומען?

ויען האיש. איך בין דער בן־המלך. — האָט דער מענטש אין די קייטין געזאָגט —, דער איין איינציגער זון פון דעם מלך וועלכער קעניגט איבער דיזען לאַנד אין נאָך פיעל אַנדערע לענדער, דאָס איז שוין דער דריטער טאָג פון מיין געפענגעניש — זאָגענדיג די ווערטער קען ער זיך נישט איינהאַלטין, אין ברעכט אויס מיט אַ יעמערליך געוויין אין זאָגט ווייטער — היינט נאַכט ענדיגט זיך מיין לעבין. ווי רבי אברהם האָט דער הערט דאָס דער איז אַ בן־המלך אין אַז די גזלנים ווילען איהם די היינטיגע נאַכט נאָך אימברענגען, האָט ער זיך אָנגערופען צו עם. ידידי היקר! הער אויף ווייטער צו דערציילין דיין געשיכטע דען עס איז יעצט נישט דאָ קיין צייט געשיכטעס צו דערציילין, מען ברויך יעצט קלוגע עצות צו זוכען ווי אַזוי איך זאָל דיך פון דאָ ארויסנעמען אין די גזלנים זאָלין זיך נישט מערקין דאָס די ביזסט לעבעדיג פאָן דאָ אַרויס, איך האָב דערביי עטליכע פערבאָרגענע טעמים.

רבי אברהם האָט זיך געשטעלט טראַכטין עטליכע מינוט, נאָכדעם האָט ער געזאָגט איך האָב שוין אַ עצה. ער האָט גענומען אַ גרויסען בויגין פּאַפּיר און מיט קידוש־לבנה אותיות אויפגעשריבען דעם פאָלגענדעם בריעף.

צו דעם נידריגסטען רויבער!, דער מלך פון די גזלנים!

די טיראַנישער רויבער! כדי דו זאָלסט דיך נישט קאָנען בערימען דאָס די האָסט דעם בן־המלך מיט דיינע בלוטיגע הענט טויט געשלאָגען, האָבע איך זיך מיט מיין אייגענעם ווילען פון די וועלט געזעגינט. און מיט גרויס פרייד וואַרף איך מיך אַריין אין דעם טיפען וואַסער.

**עס איז מיר זייער געשמאַק דער דאָזיגער טויט, וויסענדיג דאָס דורך דעם וועלן דיינע גראָבע רויבערישע הענט מיך נישט זוכה זיין אָנצורירען. אָדער געדענק! דו טונקעלער רויבער, מיין בלוט וועט זיך מיט דיר רעכענען!, פון די אָבגרינדען פון דעם וואַסער וועל איך אויסקוקען נאָך נקמה. דער גליקליכער בן־המלך.**

נאָכדעם האָט רבי אברהם גענומען זיין גרויסען אייזערנעם שליסעל —, וואָס ער האָט בעקומען פון דער פערבאָרגענער האַנט —, און האָט מיט איהם אָפּגעשלאָגען די אייזערנע קייטען, און האָט זיי אַריינגעוואָרפין אין דעם וואַסער וואָס האָט זיך אין דער הייל געצויגין. דערנאָך האָט ער גענומען די אויבער קליידער פון בן־המלך, דאָס רעקיל, די הויזין, די שטיוועל, און דעם הוט, און האָט דאָס גישטעלט נעבין דעם וואַסער, יעצט האָט ער גענומען אַ גרויס און ברייט האָלצען ברעט און האָט דאָס אריינגעגראָבין אין די ערד לעבין די קליידער, און ער האָט אויף דעם ברעט ארויפגעקלעפּט דעם בריעף וואָס ער האָט גישריבין צו דעם מלך פון די גזלנים, אַזוי אַז באַלד ווי מ׳קומט נאָר אַריין אין דער הייל האָט מען גלייך באַמערקט אין געזען דעם בריעף. דערנאָך האָט רבי אברהם גענומען אַנדערע פיינע קליידער און פיעל אַבנים־טובות טייערע ברילליינטין ספירים און יהלומים. אַ גאַנצין אוצר. דאָס איז אַלעס נישט געווען צו דער קאָנען, ווי איין טראָפּען וואַסער וואָס מנעמט ארויס פון דעם ים אין האָט דאָס זיך איין גיפּאַקט. אויך האָבין זיי זיך מיט גענומען ברויט מיט וואַסער אויף די רייזע, אין זיי האָבין זיך גענומען גיין.

על יד השער. ביי די טיער פון דער הייל, בעפאָר רבי אברהם האָט גיעפינט דעם שטיין ארויסצוגיין האָט ער געזאָגט

דערען זיך, און איבערהויפט די שלעכטע נאַטור פון דעם מענ־טשען רעדעט איהם נאָך אָן דאָס ער זאָל בעצאָלען פאַר אַ טובה אַ רעה, דאַריבער בעט איך דיך דאָ, בעפאָר איך טראָג דיך אַרויס אויף דער פרייהייט, זאָלסט מיר צו שווערין דאָס וועסט קיינמאָל נישט עובר זיין אויף מיין ווילען. אין יעדע זאַך וואָס וועסט וועלין טיען וועסט דו דיך מיט מיר בעראָטין, אין וואָס איך וועל דיר הייסען וועסט דו מיך פאָלגען. דער בן־המלך האָט איהם דאָס צו געשוואָרען מיט גרויס שמחה. אין ער האָט איהם געזאָגט אַז ער פרייט זיך זייער דאָס ער האָט פון איהם פערלאַנגט די שבועה, דען פון היינט אָן וועט ער זיך מוזען אלסדינג בעראָטען מיט איהם, וואָס ער זעט דאָס ער האָט אין זיך אַ געטליכע חכמה, ממש פון אַ מלאָך. יעצט האָט רבי אברהם איינגעשטעקט דעם שליסעל אין דעם שטיין אין אויפגיעפינט די טיער פון די הייל איןביידע זענען אַרויס פון דער הייל מיט גרויס שמחה, אין אָנגעלאָדענט מיט כל טוב.

ז.

וילכו. רבי אברהם מיט דעם בן־המלך זענען אַ וועק גע־גאַנגען טיעף טיעף אין דעם גרויסין געדעכטין וואַלד, ווען זיי זענען שוין גיוועזן אַ היפשען מהלך ווייט פון דעם שטיין, האָט זיך רבי אברהם אַרום אומגעקוקט, אין האָט געגעבין אַ זאָג, אָה! איך האָב געפינען, אין וויזט מיטן פינגער אויף אַ דיקען בוים, דער בוים וועט זיין גאַנץ גוט אויף איבער צונעכטיגען די נאַכט. ביידע זענען ארויפגעקראָכין אויף דעם גרויסין אין ברייטין בוים אין האָבין זיך אויף איהם אַנידער גיזעצט. יעצט — זאָגט רבי אברהם — פערצייל מיר דיין געשיכטע, אַצינד קען איך הערין מיט אַ רוהיגען קאָפּ. מיט

גרויס פאַרגעניגען אַדוני היקר, — האָט דער בן־המלך גע־
ענטפערט — אין האָט טאַקע גלייך אָנגעהויבן צו דערציילן.
דער מלך פון דעם לאַנד — מיין פאָטער — איז שוין מלך
אַריבער דרייסיג יאָר, ווען ער איז געוואָרין מלך, איז די מדינה
געווען גאָר אַ קליינע אין אַ אָרעמע, אָדער גלייך ווי ער איז
געוואָרין מלך האָט ער מיט זיין גרויסע חכמה אין פעהיגקייטין
איינגענומען אַלע ארומיגע לענדער, אין זיין מלוכה איז גע־
וואָרין צווישען די שטערקסטע מלוכות פון די גאַנצע וועלד.
קיין שום מלוכה אינטערשטייט נישט מלחמה צו האַלטין מיט
מיין פאָטער. שוין צוואָנציג יאָר וואָס קיין מלחמה איז נישט
געווען אין דעם לאַנד. עס וואָלט אויסגעקומען דאָס מ׳זאָל
קענען זיצער יעדער איינער אינטער זיין וויינגאָרטין שטיל
אָן צופרידען. נאָר אָבער די רייבער־באַנדע. אוי! — די
רייבער־באַנדע, זיי ליגין דאָס גאַנצע לאַנד צוגריבד, זיי
מאַכען עס חרוב, זיי באַפאַלין אויף אַיינמאָל אַ גאַנצע שטאָט,
עס קען זיין אַפילו די גרעסטע שטאָט, הרג׳ענען אויס אלע
איינוואוינער פון קליין ביז גרויס, אין דערנאָך רויבין זיי
אויס די גאַנצע שטאָט, אין לאָזין נישט איבער קיין האָר.
קיינער קאָן זיך נישט אַ קעגין שטעלין קעגין זיי, דען זיי
זענען אַלע גרויסע ריזען העלדין. מיין פאָטער — דער מלך —
האָט שוין אַסאַך מיליטער פערלאָרין ביי זיי. ער פלעג אין
אָנפאַנג —, ווען ער האָט נאָך נישט געוואָסט ווער זיי זענען,
— צו שיקען פיעל מיליטער צו די שטאָט וואָס די רויבער׳ס
זענען איר בעפאַלין, דאָס זיי זאָלען פאַנגען די רויבער׳ס
אָדער זיי הרג׳ענען. דערוויל האָבין די רויבער דערהרגעט
מיין פאָטערס מיליטער, אין פון זיי איז אַיינער נישט גיפאַלין.
זייער שטאַרקייט איז נישט מעגליך צו דערציילין, איינער
פון זיי קען קעגין טויזינט ביי שטיין. די פאָריגע וואָך זענען

זיי פלוצלינג בעפאַלין אַ גרויסע פעסטונג, נאָנט פון דעם וואַלד ווי מיר געפונען זיך יעצט, אין די פעסטונג האָט זיך דעמאָלט געפונען צען טויזינט מאַן, זעלנער גרויסע העלדין. דער גענעראַל איז געווען — מיקען זאָגין — דער שטאַרקסטער העלד פון דער גאַנצער מדינה, אויך איז ער געווען זייער אַ גרויסער חכם־ונבון. ער האָט גישטאַמט פון מיין פאָטערס פאַמיליע. מיין פאָטער האָט אים ליב געהאַט אַזוי ווי זיין לעבין. ער איז געווען זיין עלצטער גענעראַל. דער גענעראַל האָט אים געפירט אַלע מלחמות וואָס דורעך זיי האָט מיין פאָטער איינגענומען די אַלע ארומיגע לענדער. ער איז אויך געווען מיין לערער, איך האָב ביי אים גילערינט פערשידענע חכמות אין פיעל שפּראַכין. מיין לעבין איז געווען צוגעבונדען צו זיין לעבין. אין פלוצלונג אין איין שיינעם העלין טאָג זענען די רויבער־באַנדע בעפאַלין די גרויסע פעסטונג. זיי זענען ארויפגישפּרינגען אויף די הויכע מויערין פון דער פעסטונג, דען זיי זענען זייער געשיקט אַ זוי ווי די הערשין צו לויפין, אין ווי די לייבין צו שפּרינגען. אין זיי האָבין אויס גיהרג׳עט אַלע חיילים וואָס האָבן זיך געפונען אין דער גרויסער פעסטונג, אין דעם גענעראַל האָבין זיי צושניטען אויף קליינע שטיקלעך.

כשמוע המלך. ווי דער קעניג — מיין פאָטער — האָט דאָס דער הערט, איז אים זייער ביטער געוואָרין אויף זיין האַרץ, אין עס האָט אים זייער שטאַרק פערדראָסין. ער, מיט אַלע זיינע הערין האָבין שטאַרק בעטרויערט אין בעוויינט דעם גרויסען אין קלוגען גענעראַל, אָדער זיי האָבין געוויסט דאָס עס איז נישט דאָ וואָס צו טוען קעגין די רויבער־באַנדע, דען זיי האָבין זיך שוין איבער צייגט, דאָס זיי האָבין זייער אַ שטאַרקען כוח. איך אָבער האָב מיך נישט געקאָנט איינהאַל־

טין, דען מיין לעבין איז געווען פערבונדען צו דעם לעבין פון דעם גרויסין גענעראַל, האָב איך געשפירט ביי מיר אַ גרויסען פליכט נוקם זיין זיך וועגין זיין בלוט. האָב איך געזאָגט צו מיין פאָטער: טייערער געערטער מלך, מיין ליבער פאָטער, אזוי ווי מיין לעבין איז סיי ווי ביי מיר גאָר־נישט ווערד אָן מיין געליבטען אין הויכגעשעצטין גענעראַל. איך שפיר ביי מיר דאָס אויב איך וועל דאָ אין דער היים בלייבין, וועל איך אין עטליכע טעג אַרום אויף מיין בעטיל שטאַרבין, דאַריבער איז דאָך גלייכער איך זאָל חאָטש נקמה נעמען פון די נידריגע רויבער־באַנדע, וואָס האָבין מיט זייערע אומ־ריינע הענט פערגאָסין ווי וואַסער מיין לערער׳ס בלוט. יעצט גיב מיר איבער די שטרעקסטע אין פעהיקסטע זעלנער פון דיין חייל, אין איך וועל גיין מיט זיי מלחמה האַלטין.

ויען המלך. האָט דער מלך — מיין פאָטער — מיר שטרענג געענפערט, איך ערלויב עס דיר בשום אופן נישט. די ווייסט דאָך גאַנץ גוט דאָס איך האָב אינגאַנצין צוויי קינדער געהאַט. דיך, מיט דיין יונגערע שוועסטער. די יונגע־רע שוועסטער אין מיר אַ וועק געקומען, אַזוי ווי איך וועל דיר שוין אַ צוויטמאָל דערציילין, ביסט דו נאָך איבער־געבליבען מיין לעצטע טרייסט, אין היינט ווילסט דו נאָך ערלויבניש צו גיין מלחמה פירען מיט די רויבער־באַנדע, וואָס זיי זענען אויסער געוועינדליכע גבורים. אַז עס וועט דיך חלילה עטוואָס שלעכטס טרעפין וועסט דו מאַכין אַ נידער גיין מיין עלטער טרויריג אין גרוב. מיין קינד איך קען דיך נישט לאָזין, נאָר צו ליב דיר וועל איך שיקען מיין צווייטין גענעראַל מיט אַ גרויסין כוח פון זעלנער, זאָל ער מיט זיי מלחמה פירען, אפשר וועט אונז געלונגען זיי אויסצוראָטין פון די וועלד, אָדער חאָטש איינמאָל אָנלערנען זיי זאָלין מער

אַזעלכע פאַרברעכין נישט מאַכין.

**ואומר אל אבי.** האָבע איך געזאָגט צו מיין פאָטער — וואָס וועסט דו שוין האָבין אַפילו דער גענעראַל וועט בעזיגין די רייבער־באַנדע, ווען דער גענעראַל וועט צוריק קומען פון דער מלחמה וועל איך שוין נישט זיין אויף די וועלט, דען איך שפיר ביי מיר דאָס מער ווי דריי־פיער טעג קען איך נישט לעבין אין דער היים. ווי מיין פאָטער האָט געזען דאָס ער האָט מיט מיר קיין עצה נישט, האָט ער געלאָזסט רופען דעם אַלטען גענעראַל אין זאָגט אים שטאַרק אָן, אין בעט אים מיט גרויס רחמנות דאָס ער זאָל אויף מיר זייער גרויס השגחה האָבין, ער זאָל מיר היטען ווי איין אויג אין קאָפּ, דען חלילה ווען עס וועט זיך מיט מיר עפּס שלעכטעס פּאַסירען איז ער איין אומגליקליכער זיין גאַנץ לעבין, אין זיינע לעצטע יאָרין פון זיין לעבין וועלין אים מיט טרויער געגנדידערט ווערין צו דעם קבר.

**ויפרד המלך.** מיט גרויס געוויין, וואָס האָט זיך ארויס־געריסען פון אַ טיפען וואַרעמען פאָטער׳ס האַרץ האָט זיך דער מלך מיט מיר געזעגינט, אין מיר האָבין זיך גענומען גיין אין דער גרויסער מלחמה קעגין די רויבער־באַנדע. צענ־דליגע טויזינט מאַן, אַלע שטאַרק הויכע ריזען זעלענר זענען מיר געווען. מיר האָבין זיך געטראַכט דאָס אין אינזער שפּייעכץ וועלין מיר קענען דערטרונקען די רויבער־באַנדע. די גאַנצע מחנה האָט זיך ארויס געלאָזסט רייטין אין דעם וואַלד אַריין ווי מיר געפונען זיך יעצט, ווייל מיר האָבין געוואוסט דאָס דאָ געפונען זיך ערגיץ די רויבער׳ס. די רויבער האָבען אָדער „מרגלים“ שפּיאָנען אין דעם גאַנצען לאַנד, זענען זיי גלייך געוואָר געוואָרין דאָס מ׳גייט מיט זיי מלחמה האַלטין. האָבין זיי געמאַכט מיט

גרויס חכמה אין ערמה, זיי האָבין זיך בעהאַלטין אין מיטען וואַלד זייער וויט פון די מדינה, אויף די הויכעביימער פון דעם וואַלד, מיט פיעל שליידער שטיינער אין פיילעב־בויגינ׳ס. אין אַ הינדערט מאַן האָבין זיי גישיקט מלחמה האַלטין מיט אינז. ווי מיר האָבין אָנגעהויבין מלחמה צו האַלטין מיט די הינדערט מאַן האָבין זיי זיך גענומען פעסט צו ענטלויפין טיעף אין דעם וואַלד, אויף דעם פלאַץ ווי די איבריגע האָבין זיך געהאַט בעהאַלטין אויף די ביימער. מיר זענען זיי נאָכגילאָפין אַ גאַנצין טאָג, פאַר נאַכט זענען מיר שוין געווען אין מיטען וואַלד, מיר האָבין געמיינט דאָס מיר האָבין שוין גיפאַנגען די רויבער דען זיי האָבין קיין כוח גיהאַט צו לויפין, אין זיי האָבין שוין אָנגע־הויבין לאַנגזאַמער צו לויפין. פלוצלונג נעמט זיך רעגענען אין שטורעמען אויף אונז פון אַלע זייטין גרויסע שליידער שטיינער, פיילין, העק, שפיזען, מעסערס, איך בין געווען גאַנץ ביים סוף פון די מחנה, האָב איך געזען ווי קעפּ, הענט און פוס זענען געפלויגין אין די לופטין פון די שפיזען אונד העק וואָס די רויבער האָבין גיוואָרפין, אַ חלק פון די רויבער האָבין זיך אויך געהאַט בעהאַלטין אינטער די שטיינער פון דעם וואַלד, אין ווען די רייבער וואָס זענען געווען אויף די ביימער האָבין אָנגעהויבין צו וואַרפין זייערע כלי־משחית, זענען גלייך ארויס גיקראָכין די איבריגע רויבער פון אינטער די שטיינער, אין ווער עס האָט געוואָלט אַנטלויפין האָבין זיי אים גע׳הרגעט. בקיצור איינער פון די אַלע חיילים איז נישט איבער געבליבין.

נאָר איך איינער בין געבליבען, פון די גאַנצע מחנה, איך האָב מיך פערשטעקט אינטער אַ גרויסין בוים, וואָס עס איז ארום אים געוואַקסין הויעך גראָז, אַזוי דאָס מ׳האָט מיך נישט גע־

קענט זען. נאָר צו מיין אומגליק איז פונקט דאָרט געריטען אַ רויבער האָט זיך זיין פערד פערגלוסט צו פאַשען אַ ביסיל גראָז. דער רויבער האָט געהאַקט אין געשלאָגין דאָס פערד עס זאָל ווייטער רייטין, אָדער דאָס פערדיל האָט אים נישט געוואָלט פאָלגין, אין אַזוי האָט דאָס פערדיל געפאַשעט ביז עס איז צו געקומען צו מיר אין דער רויבער האָט מיך דערזען. ער האַפּט מיך גלייך אָן, שלעפּט מיך אַרויף אויף זיין פערד אין ער האַלט מיך אָן שלעפּט מיך אַרויף אויף זיין פערד אין ברענגט מיך צו צו זייער מלך. דער מלך באַפעלט גלייך מען זאָל מיר דעם קאָפּ אַראָפּ האַקין, מיט זיין שווערד. איך הייב אָן זייער יעמערליך צו וויינען מיט זייער אַ הויכע טרויריגע שטומע. זעט אויס דאָס מיין ביטער געוויין האָט געגעבין אַ ריר אָן דעם גרויסין גזלן ביים האַרץ, ער האָט זיך געגעבין אַ ריף אָן מיט גרויס כעס, נאָ וואָס פערלאַנגסט דו מען זאָל דיר טוען פאַר דיין טויט, אָדער זאָג שנעל האַלט מיך נישט אויף דען איך האָב קיין צייט נישט. איך ריעף מיך אָן אויב דו ווילסט מיר דעם גרויסען חסד טוען אין מיר ערלויבין מיין לעצטען פערלאַנג פאַר מיין טויט, דעמולט שענק מיר נאָך דריי טעג צו לעבין. די בעט׳סט ביי מיר זייער אַ גרויסע זאַך — האָט דער מלך פון די גזלנים געזאָגט — אַזאַ זאַך האָב איך נאָך אין מיין לעבין נישט געטון. נאָר אָבער ווייל די ביסט אַ בן־מלך וועל איך מיט דיר טיען דעם גרויסין חסד. ער האָט גלייך גיגעבין אַ באַפעל מען זאָל מיר פערבונדען די אויגין. איך בין אַזוי געלעגין עטליכע שעה מיט פערבונדענע אויגין, דערנאָך האָט מען מיך ארויפגענומען אויף אַ פערד אין געברענגט אין דער הייל אַריין. דאָ אין די הייל האָט מען מיר אָפּגיבינדען די אויגין, אין מ׳האָט מיר צוגעשלאָסין מיט אייזערנע קייטין די הענט

מיט די פוס. אַלע נאַגט קומען זיי — די רויבער־באַנדע — אַריין אין דער הייל אין עסין אין טרונקען און שפילען אויף אַלערליי כלי־זמר. היינט נאַכט איז די דריטע נאַכט וואָס איך האָב זיך געפונען אין דער הייל, יעצט די מינוטין האָט זיך געברויכט ענדיגען מיין לעבין ווען נישט דער לעבעדיגער בעשעפער וואָלט דיך צו געשיקט מיך צו ראַטעווען פון זייערע בלוטיגע הענט. דאָס איז מיין געשיכטע, — האָט אויסגעלאָזט דער בן המלך.

**בלילה ההיא.** אין דער נאַכט ווען די רויבער־באַנדע זענען אַהיים געקומען אין אַריין געגאַנגען אין דער הייל אַריין, ווי זייער שטייגער איז. ווי זיי זענען נאָר אַריינגעקומען אין די הייל האָבין זיי גלייך געזען דעם בריעף וואָס איז געווען ארויפגיקלעפט אויף דעם גרויסען האַלצענעם ברעט. ווי זיי זענען נענטער געקומען זעהען זיי אַלע קליידער פון דעם בן־המלך שטייען נעבין דעם רינעדיגען וואַסער. האָבין זיי גיג־לייבט דאָס דער בן המלך האָט זיך טאַקע דערטרונקען. עס איז זיי אָפּילו געווען אַ גרויס וואָנדער ווי אַזוי דער בן־המלך האָט זיך גיקענט אַליין אויף בונדען די אייזערנע קייטין, אָדער ווען האָט דאָס גיקענט אויף די געדאַנקען קומען דאָס עס קען גאָר אַנדערש זיין ווי אין בריעף שטייט.

**ויספּר רבי אברהם.** רבי אברהם האָט אויך דערציילט זיין גישיכטע פיר דעם בן־המלך, פון אָנהייב ביז צום סוף, ויהי כשמוע, ווי דער בן־המלך האָט דערהערט די אַלע ניסים ונפלאות וואָס זענען גישען מיט רבי אברהם, אין איינס פון די גרעסטע האָט ער דאָך אַליין אויך גיזען, ווי אַזוי רבי אברהם האָט גיעפינט די הייל, אויך האָט אים גיגעבין רבי אברהם דעם גרויסין אייזערנעם שלוסעל אין די האַנט, האָט ער געזען דעם גרויסין וואָנדער, דאָס דער ריזיגער

שליסעל וועגט גאָר נישט, אַפילו וויפיל אַ שטיקיל פּאַפּיר נישט. האָט ער גיבעטין רבי אברהם דאָס ער זאָל אים מגייד זיין, דען ער וויל אויך דינען דעם אמת׳ן יודישען גאָט. רבי אברהם האָט אים געגעבין צופערשטיין בקיצור די יסודות פון דער יודישער אמונה. אין דער בן־המלך האָט מיט גרויס הנאָה אויסגעהערט אין מיט זיין טיפען פערשטאַנד דורך גיקלערט יעדעס וואָרט וואָס איז אַרויס פון רבי אברהמ׳ס הייליג מויל. ווען עס האָט שוין אָנגעהויבין צו טאָגין זענען הערשט די צוויי נייע גוטע פריינד אײַנגעשלאָפין אויף דעם הויכין אין ברייטין בוים, זיי זענען אַזוי גישלאָפין ביז אין העלין טאָג אַריין.

ח.

וילכו שלשת ימים. דריי טאָג זענען זיי געגאַנגען אין דעם גרויסען ווילדען וואַלד. דעם פערדין טאָג זענען זיי צו־געקומען צו דעם עק פון דעם וואַלד. ווי דעס וואַלד האָט זיך געענדיקט האָט זיך גלייך געגומען דער ים, דען דער גרויסער אָקויאָנוס איז געווען די גרענעץ פון דעם וואַלד. זיי האָבין זיך זייער שטאַרק געפרייט דאָס זיי זענען אַריבער דעס שרעק־ליכע וואַלד, זיי דאנקען אין לויבין דעם איינציגען גאָט וואָס ער האָט מיט גרויסע ניסים זיי מציל געווען פון אַלעם בייזין.

ויכר בן־המלך. דער בן־המלך האָט זיך איבער געצייגט אַלטס מער און מער וואָס פאַראַ גרויסער חכם־ונבון רבי אברהם איז. אין דאָס ער האָט זייער פיעל וויסענשאַפטין אין זיך. און צו דעם איז ער נאָך אַ גרויסער בעל מידות טובות איבער הויפט אַ שטאַרקער ענוו. האָט ער אים זייער ליב בעקומען, נאָך שטאַרקער פון זיין אייגענעם לעבין.

ויאמר בן־המלך אליו. האָט דער בן־המלך גיזאָגט צו רבי אברהם: ליבער פריינד! הער מיך אויס וואָס איך וועל

דיר יעצט זאָגין. מיין פאָטער איז שוין אַלט, אין איך בין זיין איין איינציגער זון. געהערט דאָך די גאַנצע מלוכה צו מיר, ווען דער אַייבערשטער וועט העלפין אין וויר וועלין לשלום אַהיים קומען, וועסט דו זיין דער מלך, אין איך דיין משנה־למלך. דערווייל האָט שוין דער בן־המלך מקיים גיוועזן אַלע מצוות מיט גרויס חשק אין מיט אַ ערליך האַרץ אַזוי ווי אַ יוד פון אַלע דורות. רבי אַברהם האָט אים אַלע טאָג געלוגין זיינע חשובע תפילין צו דאַווינען, אויך האָט ער מיט אים יעדין טאָג גילערינט אַ בלאַט גמרא פון אויסענווייניג. דער בן־המלך האָט אַזאַ גרויסע הנאָה געהאַט פון דעם לערנען דאָס ער האָט גיזאָגט פיר רבי אברהם, דאָס אין אַלע וויסענשאַפטין מיט חכמות וואָס ער האָט ביז היינט גילערינט האָט ער נאָך נישט גיפיעלט אַזאַ זיסען אין געשמאַקין טעם ווי ער פיעלט ביי דעם בלאַט גמרא לערנען. ער שפירט עפעס אַ העכערין גישמאַק פון אַלע מענטשליכע הנאות.

**וישכבו במקום ההוא.** זיי האָבין זיך געלייגט שלאָפין אויף דעם באָרטין פון ים. **ויהי בחצי הלילה**, אין מיטען די נאַכט קומט צו רבי אברהם זיין ערליכער פאָטער — רבי ברכיה החסיד — צו חלום אין זאָגט אים די דאָזיגע ווערטער:

מיין ליבער זון! זאָלסט וויסען, אַז דעס וואָס די ביזט אַזוי שטאַרק גיוואָרינט איינהאַלטין אַלע מצוות פינקט־ליך, אין איבער הויפט די מצוה פון „נטילת־ידים“ וואָס די ביזסט עקסטער נזהר אין איר, און האָסט דיין גאַנץ פאַרמעגין אַוועק געגעבין וועגין איר. אויך דיין לעבין האָסט דו געוואָלט געבין פאַר איר. דאָס, אין נאָר דאָס איז דיר ביי געשטאַנען אין די גרויסע סכנות וואָס האָבין דיך געטראָפין אויפין וועג ביז יעצט.

זאָלסט וויסען מיין טייערער זון, דאָס די וועלט איז

פול מיט מלאכי־חבלה און מזיקים נאָך מער ווי אין דעם גיהינום. נאָר די מצוות וואָס אַ מענטש איז מקיים היטען אים אויס דאָס די מזיקים זאָלען אים נישט קענען שאַדין אין מזיק זיין, דען פון יעדער מצוה ווערט באַשאַפין אַ מלאַך וואָס איז פאַר דעם מענטש אַ מליץ־יושר, אי־בערהויפט פון אַזעלכע מצוות וואָס מ׳איז שטענדיג נזהר אין זיי, ווער׳ן באַשאַפין זייער גרויסע און שטאַרקע מלאָכים, און זיי גייען מיט מיט דעם מענטש אים צו היטען פון די בייזע מזיקים וואָס דרייען זיך ארום אויף די וועלט. און די גרויסע און הייליגע מלאָכים וואָס זענען בעשאַפין געוואָרין פון דיינע מצוות און איבער הויפט פון די מצווה פון נטילת־ידים זיי היטען און שיצען דיך שטענדיג. ווען נישט זיי וואָלסט דו שוין לאַנג געווען פערלוירין. זאָלסט וויסען דאָס דעם שלי־סעל האָבין דיר גיגעבין די מלאָכים וואָס זענען באַ־שאַפין געוואָר׳ן פון דיין מסירת־נפש וועגין די מצווה פון נטילת־ידים. דער שליסעל איז פון דעם זעלבין אָרט אויסגיהאַקט געוואָרין, פון ווי דער שטעקין וואָס משה רבינו האָט געהאַט, מיט וועלכין ער האָט גי־שפּאַלטין דעם שטיין און גיגעבין וואַסער צו טרונקען פאַר יודין.

מיין טייער קינד! זאָלנט אָבער וויסען, דאָס עס וועט אויף דיר נאָך פיעל צרות קומען, און שווערע אומגלוקען וועלין דיך נאָך באַגעגענען, אָדער זאָלסט דיך נאָר שטאַרקין, און ביטחון האָבין אין השי״ת, וועסט דו סוף כל סוף קומען צו דעם ריכטיגען און שטענ־דיגען גליק.

יעצט מיין קינד! גלייך ווי די וועסט אויפשטיין

אין דער פרי, אין וועסט אָפּדאַווינען זאָלסט דו אָפּציילין צווי הינדערט אַכט טריט צו מזרח זייט פון דעם אָרט ווי די שלאָפסט יעצט. דאָרט זענען דאָ דריי שטיינער, זאָלסט דו אַרינטער שטעקין די האַנד אינטער דעם מיטעלסטין שטיין, וועסט דו געפונען אַ ספר כתב־יד, זאָלסט דו דאָס דיר נעמען. אין זאָלסט אַכטינג געבין דערויף ווי אויף איין אויג אין קאָפּ, דען דאָס ספר וועט דיר זייער שטאַרק צוניץ קומען.

נאָך די ווערטער איז דער אַלטער רבי ברכיה פערשווינדען געוואָרין. אין רבי אברהם האָט זיך גלייך אויפגיכאַפּט פון שלאָף.

**כאשר האיר השחר.** ווי נאָר דער מאָרגין שטערין איז אויפגעגאַנגען, אין די זון האָט אָנגעהאָיבין צו שיקען אירע ליכטיגע שטראַלין, האָט רבי אברהם געדאַווינט השכמה מיט גרויס כוונה, אין גלייך נאָך דעם דאַווינען האָט ער זיך גענומען אָפּציילין צווי הונדערט אין אַכט טריט. ווען ער איז צו געקומען צו דעם אָרט, האָט ער געטראָפין דריי גרויסע שטיינער, דער מיטעלסטער שטיין איז געווען פיעל גרעסער פון די אַנדערע צווי שטיינער ער האָט אויך געהאַט צו מזרח זייט אַ היפּשען שפּאַלטין. רבי אברהם האָט אַריין גישטעקט די האַנט אין שפּאַלטין פון דעם שטיין האָט ער גלייך געפיעלט ווי ער טאַפּט אָן מיט די האַנט אַ קליין ספר׳יל. ער נעמט דאָס אַרויס זעט ער דאָס עס איז זייער שיין איינגעבונדען מיט קאַלב לעדערנע דעקליך אין דערויף מיט גאָלדענע אותיות אויפגעשריבען „סודות־התורה״. ער מאַכט אויף דעם ספר זעהט ער דערין דאָס עס איז פיל מיט זייער וואָנדערליכע סודות־התורה, ווי אַזוי עס ליגט אין די הייליגע תורה מרומז אַלע זאַכין וואָס עס וועט שפּעטער זיין, אין אויך אַלע פאַרבאָר־

געגע זאַכין קען מען דורך דעם ספר וויסען. ווער שמועסט פון פותר חלומות זיין דאָס איז איינס פון די קלענסטע זאַכין פיר דעם וואָס ער לערינט גוט אין גרינטליך דורך דעם ספר. ער האָט געהאַט גרויס שמחה פון דעם ספר, עקסטער האָט ער זיך שטאַרק געפרייט דאָס ער האָט געזען זיין הייליגען פאָטער רבי ברכיה נאָך אַזוי פיל יאָר, אין אַז ער האָט אים אַזעלכע גוטע הבטחות געגעבין. פיר זיין נייעם חבר דער בן־המלך האָט ער זיך גאָרנישט וויסענדיג געמאַכט, נישט פון דעם חלום אין נישט פון דעם ספר האָט ער אים גאָרנישט געזאָגט.

**כאשר שב.** ווי רבי אברהם איז צוריק געקומען פון די דריי שטיינער האָט שוין אויך דער בן־המלך געהאַט אָפּגעַ־דאַווינט, רבי אברהם האָט מיט אַ פריילִיך האַרץ אָפּגילערינט מיט דעם בן־המלך פון אויסענווייניג זייער בלאַט גמרא, ער האָט אויך געזאָגט עפּעס אַ פשט אין דער גמרא על פי סוד וואָס ער האָט געזען אין דעם ספר־יל, דער בן־המלך איז ממש אויפגעשפרינגען פון איבעראַשונג. ער האָט געזאָגט אין מיין לעבין האָב איך נאָך נישט געהאַט אַזאַ הנאָה אין פאַרגעניגען ווי איך האָב יעצט געהאַט ביי דעם בלאַט גמרא, נישט בחינם האָסט דו מיר פערציילט דאָס דער קלוגסטער מענטש פון די וועלד שלמה־המלך האָט געזאָגט „יקרה היא מפנינים וכל חפציך לא ישוו בה״. דאָס הייסט: די תורה איז טייערער פון ברילאַנט שטיינער אין אַלע זאַכין — אַלע תענוגים פון די וועלט — קענען זיך נישט צו גלייכין צו דעם העכסטין פערגעניגען וואָס די הייליגע תורה פערשאַפט. עס איז מיר נאָר אַ שאָד אויף מיינע יונגע יאָרין וואָס איך האָב נישט געוואָסט פון די הייליגע תורה, אין ווער וויים צו יעצט וועל איך נאָך קענען אַ מאָל אליין לערנען.

איך שפיר דאָס אַ חוץ דעם גרויסין פאַרגעניגען מאַכט זי מיך נאָך פאַר אַן אַנדערין מענטש מיט אַנדערע מענטשליכע גע־

פילען, אין פלאַנצט איין אין מיר גוטע מידות. רבי אברהם האָט אים געענפערט ריכטיג דאָס די הייליגע תורה איידעלט אויס דעם מענטש, דאָס איז איינס פון די פערבאָרגענע הייליגע קרעפטין פון די תורה, דאָס אַפילו ווען מען לערינט אַ זאַך וואָס עס האָט נישט קיין צוזאַמען האַנג מיט מידות־טובות, למשל מען לערינט דינים פון קרבנות, אָדער ווי דער דין איז ווען איינער מאַכט שאָדין דעם צווייטין, אין דאָס גלייכין, אָדער אַז מען לערינט דאָס ערינסט, פשוט וווייל דער הייליגער גאָט האָט געהייסין לערנען וויל מען דאָס איינהאַלטין, פלאַנצט דאָס איין די בעסטע אין שענסטע נאַטורין מידות וואָס נאָר פאַר־האַנדין זענען. — אין דעם וואָס די קלערסט דאָס עס איז דיר שוין צו שפעט זיך שטאַרק אַריין טוען אין לערנען ווייל די הא־אָסט אין די יוגענט נישט געלערינט, זאָלסט וויסען דאָס קיינמאָל איז נישט צו שפעט, רבי עקיבא איז ביז צו די פערציג יאָר געווען אַ פשוטער פאַסטאַך אין האָט גאָרנישט געוואָסט פון קיין לערנען פון דעסט־וועגין, ווען ער האָט זיך גענומען ביי די פערציג יאָר מיט גרויס חשק לערנען, איז ער אויסגעוואַקסין דער גרויסער אין הייליגער תנא רבי עקיבא. אמת דאָס עס שטייט אין די גמרא אַז דאָס וואָס מען לערינט אין די יוגענט דאָס האַלט זיך בעסער. אָדער דאָס איז נאָר געזאָגט געוואָרין אויב מקען, מאיז נאָך אין די יונגע יאָרין דעמאָלץ איז געוויס דער יסוד פונעם לערנען אין וועט עס לערינט דעמולץ מיט גרויס התמדה אין חשק קען צו קומען צופערשטיין די יסודות־התורה. אָדער אויב משטייט שוין שפעטער, מ׳האָט שוין פערשפילט די טייערע יאָרין, איז אויך נישט צו שפעט, עס איז נישט דאָ אַזאַך וואָס עס שטייט קעגין ווילען פון מענטש.

וישאו עיניהם. ווי רבי אברהם רעט אַזוי פייערדיג הייבט ער אויף זיינע אויגין, אין זעט פון די ווייטינס גייט

אויף דעם ים אַ גרויסע שיף. האָבין זיי אָנגעהויבן צו שרייען אין ווינקען. דער שיפ׳ס קאַפּיטאַן איז דעמאָלט געזעסין ביי דעם זעגיל בוים, האָט ער באַמערקט ווי צוויי מענטשין שטייען ביי דעם ברעג פון דעם ים אין ווינקען מיט די הענט און די הוטען, האָט ער געשיקט צוויי מאַטראָזין מיט אַ קליין שיפּעל נאָך זיי. מיט גרויס פרייד זענען זיי אַריין אין דעם קליינעם שיפּעל אין צו געפאָרין צו דער גרויסער שיף. ווי זיי זענען אַרויף געקומען אויף דער שיף פרעגט זיי דער שיפ׳ס קאַפּיטאַן ווער זיי זענען, האָבין זיי געזאָגט דאָס זיי זענען צוויי מענטשין פון דעם לאַנד אין זיי האָבין זיך פערבלאָנזעט אין דעם שרעקליכען וואַלד. זיי האָבין גיפרעגט דעם שיפ׳ס קאַפּיטאַן ווי די שיף פאָרט. ענפערט ער זיי אַז די שיף פאָרט אין די קעניגליכע שטאָט. דאָס איז טאַקע געווען די שטאָט ווי דער פאָטער פון דעם בן־המלך איז געווען מלך. עס איז נאָך געווען דריי טאָג רייזע ביז צו די שטאָט.

בעת ההוא, אין דער צייט, האָט זיך דער טרויריגער קעניג — דער פאָטער פון דעם בן־המלך — וועליכער האָט אַ גאַנצע צייט שרעקליך געטרויערט נאָך זיין איין איינציגען זון וואָס ער האָט געוואוסט דאָס ער איז אומגעקומען דורך די רויבער־באַנדע — האָט זיך אים גיחלומ׳ט אַ חלום דריי נעכט נאָכ אַנאַנד, זייער אַ שרעקליכער חלום. דער קעניג איז זייער דערשראָקין געווען פון דעם חלום ער האָט נישט געוויסט אויף וואָס דער חלום צייגט. האָט דער קעניג געלאָזסט ריפען אַלע זיינע יועצים מיט חכמים אין אויך די שטערין זעערס, אָבער קיינער קען נישט דעם חלום פותר זיין. דער קעניג איז נאָך פון דעם מער אומרוהיג געוואָרין, אין דאָס האַרץ האָט אים זייער געשראָקין ווער ווייסט וואָס דער חלום בעטאַט. האָט ער גיגעבין אַ באַפעל דאָס מ׳זאָל יעדין טאָג אין

אַלע גאַסין און אין אַלע מארקין אויספויקען אין קעניגס נאָמען דאָס ווער עס וועט דעם חלום פון קעניג פותר זיין, וועט גוט באַלוינט ווערין, אויסער דעם וועט ער ווערין אַ שטענדיגער יועץ ביי דעם מלך. דריי טאָג האָט מען שוין געפויקט אין אַלע גאַסין און מאַרקין פון דער הויפּט שטאָט, אָבער "ואין פותר" קיינער איז זיך נישט געקומען מעלדין אַלס אַ בעדייטער. דעם קעניג איז אַלץ שווערער געוואָרין אויפין האַרץ אין ער האָט נישט געוואָסט וואָס פאַר איין עצה ער זאָל זיך געבין.

ויהי ביום השלישי. דעם דריטען טאָג נאָכדעם וואָס רבי אברהם מיט דעם בן־המלך האָבין זיך אויפגיזעצט אויף די שיף זענען זיי גליקליך אָנגעקומען אין די קעניגליכע שטאָט. ווען זיי זענען אָנגעקומען אין די קעניגליכע שטאָט זאָגט רבי אברהם פיר דעם בן־המלך, מיין ליבער פריינד, מיין עצה איז אַז די זאָלסט דיך נישט געבין צו דערקאָנען צו קיינעם אַז די ביסט דער בן־המלך ביז איך וועל דיר זאָגין. מיר וועלין יעצט אַריין גיין אין די ערשטע שטיב פון די שטאָט, אין דו וועסט דאָרט איבער בלייבין ביז איך וועל קויפין אין שטאָט פשוטע סוחרישע קליידער פיר מיר אין פיר דיר דען אין די שיינע קליידער וואָס מיר האָבין גענומען אין די הייל וועט מען דיך גלייך דערקאָנען דאָס דו ביסט דער בן־המלך. אין נאָך מיין פערשטאַנד איז נאָך נישט די צייט דאָס דו זאָלסט דיך יעצט ארויסגעבין. יוען איך וועל זען דאָס די ריכטיגע צייט איז געקומען וועל איך דיך נישט לאָזין איין מינוט דאָ בלייבין, אָדער ביז דעמולט מוזט דו דיך נאָך איינהאַלטין, איך פערשטיי דאָס עס וועט דיר זייער שווער אָנקומען צו זיין נעבין דיין פאָטער אין צו צוקוקין זיין צער אין זיך נישט געבין צו דערקאָנען, נאָר לויט ווי

איך פערשטיי מיז דאָס אזוי זיין וועגין עטליכע פערבאָרגענע טעמים.

**ויען בן־המלך.** האָט דער בן־המלך אים געענפערט איך האָב זיך שוין איבערגעצייגט אַז אלסדונג וואָס איר זאָגט איז היילינ, אין עס קאָן נישט אַנדערשט זיין. איז נישט שייך צו זאָגין עס קומט שווער אָן אָדער נישט, וואָס איר וועט מיר הייסין וועל איך געננוי איינהאַלטין. אין איין אַלט הייזיל אין עק שטאָט האָט געוואוינט איין אַלטער מאַן זיין פרנסה איז געווען פון דעם וואָס ער האָט פערקויפט אַלטע זאַכין אין שטאָט. אַזוי ווי דאָס איז געווען דאָס ערשטע הייזיל פון שטאָט זענען זיי אַריינגעגאַנגען דערין. ווי דער אַלטער מאַן האָט דער זען דעם בן־המלך האָט ער אים גלייך דערקאָנט, אין פון גרויס איבעראַשונג איז ער געפאַלין אין חלשות. זיי האָבין אים דערמונטערט אין האָבין אים געזאָגט דאָס ער זאָל זיי גלייך צו שווערין אַז ער ווערט קיינעם נישט אויסזאָגין, דאָס דער בן־המלך געפינט זיך ביי אים. דער אַלטער מאַן האָט גלייך צוגעשוואָרין. יעצט איז רבי אברהם אַליין אַריין געגאַנגען אין שטאָט קויפין סוחר־ישע בגדים פיר דעם בן־המלך. פאַר נאַכט איז ער צוריק געקומען מיט די בגדים, דער בן־המלך האָט זיי גלייך אָנגעטוען אין ער איז שוין בשום אופין נישט געווען צו דערקאָנען. זיי דאַווענען „מעריב" מיט גרויס כוונה, אין ביי די ווערטער „בחכמה פותח שערים" דאָס הייסט מיט חכמה עפינט גאָט די טויערין, דערמאַנען זיי זיך אין דעם שטיין פון די הייל ווי זיי האָבין זי גיעפינט, זיי לייגען קריאַת־שמע אין לייגין זיך שלאָפין.

**וישכם אברהם בבוקר.** רבי אברהם איז אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי אַזוי ווי זיין שטייגער פלעג צו זיין, אָפגידאַווינט, גיגעסין פרישטיג, אין זאָגט פיר דעם בן־מלך יעצט וועל איך

אַריינגיין אין שטאָט זעהן וואָס דאָרט טוט זיך. דערוויילע זאָלסט די נאָך דאָ בלייבין ביי דעם אַלטין מאַן. ווי רבי אברהם קומט נאָר אַריין אין שטאָט הערט ער ווי מען פויקט אין די גאַסין אין מיט אַ הויכער שטומע רופט מען אויס, אין קעניגס נאָמען, דאָס ווער עס וועט פּותר זיין דעם קעניגס חלום וועט גוט בעלוינט ווערין, אין וועט בלייבין אַ אייביגער יועץ ביי דעם מלך.

**ווילך אברהם.** ווי ער האָט דאָס גיהערט גייט ער גלייך צו צודעם קעניגס פּאַלאַץ אין זאָגט פאַר די שומרים מעלדעט מיך ביי דעם מלך דאָס איך פאַרשטיי פּותר צו זיין חלומות. די שומרים גייען אַריין מיט אַ איילעניש צו דעם מלך אים צו פאַרשטענדיגען די גוטע בשורה דאָס עס איז סוף כל סוף דאָ אַ מענטש, וואָס נעמט זיך אינטער פּותר צו זיין דעם קעניגס חלום. דער קעניג גיט אַ שטרענגין באַפעל מזאָל אים גלייך ברענגין צו אים. די שומרים האָבין אים געחאַפּט ביי די הענט אין די פוס אין האָבין אים אין די לופטין אַריין געטראָגין צו דעם קעניג. ווי מען שטעלט אים פאַר דעם קעניג, בייגט ער זיך איין אַזוי ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ גרויסין קעניג, אויך בעגריסט ער אַלע הערין וואָס זענען געשטאַנען אַרום דעם קעניג. דער קעניג מאַכט מיט אים אַ שמועס וועגין פערשידענע חכמות אין ער ענפערט אויף אַלעם זייער שיין מיט פיעל פערשטאַנד, דער קעניג מיט זיינע הערין פערוואָנדערין זיך אויף זיינע קלוגע רייד, אין אַלע זעהען איין דאָס ער איז אַ גרויסער חכם־ונבון, אין ביי יעדין אין די אויגין האָט ער שטאַרק נושא־חן געווען. נאָכדעם פרעגט אים דער קעניג פון וועלכין פאָלג ביסט דו? אין וואָס איז דיין גלויבין? ענפערט ער איך בין אַ יהודי פון לאַנד כוזר. איך גלייב אין דעם גאָט וואָס האָט הימעל אין ערד בעשאַפין,

עם דיען איך מיט מיין גאַנצען האַרץ, מיר זעלבסט האָט ער שוין פיעל אומבעשרייבליכע ניסים געטוען. דער קעניג דרייט זיך אויס צו זיינע הערין אין זאָגט: איך האָב שוין לאַנג גיהערט אַז דאָס פאָלג יודין זענען זייער אַ קלוגעס אין פּאַר שטענדיגעס פאָלג. זאָגט דער קעניג ווייטער צו רבי אברהם פאַרשטייסט דו באמת אַ חלום פותר צו זיין ריכטיג. ענפערט רבי אברהם: איך וועל ענפערין אַ זוי ווי עס שטייט אין אינזער תורה, דאָס דער גרויסער פּותר־חלומות יוסף הצדיק האָט גיענפערט אויף אַזאַ פראַגע, אויך פון אַ מלך. ער האָט גיענפערט מיט די ווערטער: פּותר צו זיין אַ חלום איז אַ געטליכע זאַך, דער ליבער גאָט זאָל מיר צו שיקען אין מיינע געדאַנקען דעם ריכטיגען פּתרון, עס זאָל זיין צו דעם פרידען פון מלך.

ויספּר המלך. דער קעניג האָט פאַרציילט פיר רבי אברהם געענוי פונטקליך זיין חלום, אין אַלע שרים קוקען שוין אַרויס וואָס ער וועט זיך אָנרופען דעריוף.

ויען אברהם ויאמר. ענפערט רבי אברהם אין זאָגט פאַר דעם מלך: איך פערשטיי פּונקטליך דעם פּתרון פון דעם חלום. נאָר אָבער דעם פּתרון איז אַ גרויסער סוד דאָס קיינער אַ חוץ דעם מלך טאָר עס נישט וויסען. דער קעניג האָט אַ באַפעל גיגעבין דאָס אַלע מענטשין זאָלין גלייך אַרויסגיין פון די שטוב, קיינער זאָל נישט דאָ בלייבין אַ חוץ רבי אברהם, אַלע זענען גלייך אַרויס גיגאַנגען אין עס איז נישט געבליבען נאָר רבי אברהם מיט דעם מלך אַליין. ווי רבי אברהם איז געבליבען מיט דעם מלך זאָגט ער צו דעם מלך: דער פּתרון פון דעם חלום איז אַזוי, אין דריי טאָג אַרום וועט דער קעניג מיט די קעניגען פאַר גיפטעט ווערין דורך זיין משנה־למלך. דער משנה־למלך האָט אַ בונד געשלאָסין

מיט דעם שר־המשקים אַז ער זאָל דאָס אויספּירען. רבי אברהם האָט דעם מלך געגעבין צו פערשטיין פונקטליך ווי דאָס ליגט מרומז איז דעם חלום. אין דער קעניג האָט איינגעזען דאָס דער פּתרון איז זייער ריכטיג, אין ער האָט געזען וואָס פאַראַ גרויסע חכמה דער רבי אברהם האָט, דען עס איז געווען זייער אַ גרויסע חכמה דאָס צו גיפינען אין דעם חלום, זאָגט דער מלך צו אים איך זעי דאָס די ביסט אַ חכם־ונבון דאָס דיין גלייכין איז נישט צו גיפינען אין די גאַנצע וועלט. יעצט קענסט דו אַ היים גיין, אין נאָך דעם דריטען טאָג וועל איך שוין שיקען נאָך דיר. איך וועל שוין וויסען ווי דיר צו בעערין אין בעלוינען.

**ויספר אברהם.** ווי רבי אברהם איז צוריק געקומען צו דעם בן־המלך האָט ער אים פערציילט אַלסדונג וואָס האָט מיט אים פּאַסירט, אין דאָס ער האָט היינטיגען טאָג גיראַטעוועט זיין פאָטער — דעם מלך — אין זיין מוטער פון אַ זיכערין טויט. דער בן־המלך האָט זיך זייער געפרייט, אין ער זאָגט פיר אים, איך האָב אַ גאַנצע צייט זיך גיפּאָרטין אפשר וועלין מיינע עלטערין נישט צו לאָזין דאָס די זאָלסט זיין מלך, און איך דיין משנה, אָדער יעצט וועט שוין יעדער איינשטומען דאָס די מלוכה גיהער צו דיר, דען די האָסט מיך מיט מיינע עלטערין מציל געווען פון טויט. וועסט דו שוין זיכער זיין דער מלך אין איך וועל זיין דיין משנה־למלך.

**ויהי ביום השלישי.** ווי עס איז געקומען דער דריטער טאָג אין דער מלך מיט די מלכה האָבין צוזאַמען געגעסין מיטאָג, קומט דער שר המשקים מיט צוויי בעכער ווייז, אין שטעלט איין בעכער פאַר דעם מלך אין דעם אַנדערין פאַר דער מלכה. נעמט דער קעניג דעם בעכער ווייז אין הייסט פאַר איין באַדינער דאָס ער זאָל אַביסעל אַריינגיסען אין

מויל פון דעם קליינעם הינטעל. ווי דער באַדינער האָט אים אַריין געגאָסין אין מויל אַ טראָפּ פון דעם וויין איז דאָס הינטעל באַלט אַראָפּגיפאַלין טויט. די קעניגען האָט זיך זייער דערשראָק׳ן און פערוואָנדערט. דער קעניג האָט גלייך גיגעבין אַ באַפעל מען זאָל דעם שר־המשקים שלאָג׳ן מיט מכות אַכזריות, ער זאָל מודה זיין דעם אמת וואָס דאָ איז פאָרגעגאַנגען. דער שר־המשקים האָט זיך נישט געלאָזסט אַסאַך שלאָגין, נאָר ער האָט גלייך מודה גיוועזן דאָס דער משנה־למלך האָט אים אָנגירעט, דאָס אזוי ווי דער קעניג האָט נישט קיין קינדער, זאָל ער פערגיפטען דעם מלך מיט די מלכה, וועט דאָך געוויס ווערין דער משנה־למלך דער מלך, וועט ער מאַכין דעם שר־המשקין פאַר משנה־למלך. דער קעניג האָט גלייך גיגעבין אַ באַפעל מען זאָלביידע אויפהענגען, און די זאַך איז פאַרשריבען געוואָרין אין ספר דברי־הימים פון דעם מלך.

**ויקרא המלך לרבי אברהם.** דער מלך האָט גלייך גי־שיקט זיין עלטצטין גענעראַל נאָך רבי אברהם. אין ער האָט אים זייער שיין בעדאַנקט, ער האָט אים גיזאָגט שטענדיג וועל איך גידענקען דאָס מיין לעבין מיט דעם לעבין פון די מלכה האָב איך דיר צו דאַנקען.

**וישא חן בעיני המלך.** ווי רבי אברהם איז געוועזן אין הויז פון דעם מלך אין דער מלך האָט אַלץ מער אַנערקענט זיין טיפע חכמה, אין זיינע גוטע מידות אין איידעלע געפילען האָט ער שטאַרק נושא־חן גיוועזן אין די אויגין פון דעם מלך. ער האָט אים דערהויבין איבער אַלע הערין אין ער האָט אים געמאַכט פאַר „משנה־למלך“. יעדער האָט שוין געוויסט אַז דאָס וואָס רבי אברהם זאָגט איז גלייך ווי דער מלך אַליין זאָגט, דען דער מלך פאָלגט אַלעס וואָס רבי אברהם הייסט

אים. די גרויסע שרים האָט דאָס זייער פאַרדראָסין, אײן פרעמ־
דער מענטש וואָס איז נאָר אַרײנגעקומען אין קעניגס הויז
אין איז אַזוי גרויס געוואָרין. די קינאה האָט אין זיי גיברענט
ווי אַ פייער. אין איבערהויפט די גוטע פריינד פון דעם ערשטין
משנה־למלך. זיי האָבין דאָך געוואוסט דאָס צוליב עם איז
דער ערשטער משנה־למלך גי׳האָנגען געוואָרין. זייער שינאה
אין קינאה אויף רבי אברהם איז געווען גאָר אַ ברענעדיגע,
זיי וואָלטין אים איינגעשלונגען אין אַ לעפיל וואַסער. און דערצו
האָבין נאָך אַלע שרים גיהאַט אַ פערבאָרגענע שינאה צו רבי
אברהם, דען ער איז אַ יהודי, אין פון די נאַטור האָט דאָך
עשו פיינט יעקב׳ן.

ויתיעצו יחדיו. האָבין זיך צוזאַם גענומען די אַלע שרים
אין גיטראַכט אין עצה ווי זוי פטור צו ווערין פון דעם יהודי.
אָבער זייערע אַלע עצות, אין אַלע בילבולים וואָס זיי האָבין
גיטראַכט קעגין רבי אברהם זענען געווען אומזיסט, דען
דער משנה האָט מיט זיין געטליכער חכמה שטענדיג דער
שפירט וואס זיי ווילען אים שלעכטס טיען, אין ער האָט
זיי דאָס שטענדיג צו שטערט. אַזוי ווי זיי האָבין גיזען דאָס
אויף אַזאַ אופין — זיי זאָלין שלעכטס רעדין אין בילבולים
מאַכין אויף רבי אברהם — וועלין זיי נישט מצליח זיין, זענען
זיי גיפאַלין אויף אַזאַ עצה, זיי האָבין זיך איבערגידרייט די
הויט, אין זיי האָבין אָנגעהויבין צו האַלטין פון דעם משנה
זייער שטאַרק. אין זיי זענען גיקומען פאַר דעם כיסא־המלוכה
פון דעם מלך מיט אַ נייעם פזמון, זיי האָבין גיזאָגט: אדוננו
המלך! אַז מיר האָבין יאָ זוכה גיווען צו אַזאַ גרויסין משנה
וואָס איז אַ אויסער געוועגדליכער איש־מצליח, אין אַ חכם
ונבון וואָס מ׳זעט דאָס ער האָט אַ געטליכען גייסט אין זיך.
וואָלט יעצט געווען די בעסטע געלעגענהייט פטור צו ווערין

די שרעקליכע רויבער־באַנדע וואָס מאַכין חרוב דאָס לאַנד. דאָס איז די לעצטע רעטונג פיר דער מדינה, אַז דער קלוגער משנה זאָל נעמען דאָס גאַנצע מיליטער, אין גיין מלחמה האַל־טין מיט די רויבער־באַנדע, אין מיט זיין גרויסער חכמה וועט ער זיי געוויס בעזיגען. דעמולט וועט הערשט די מדינה אויפלעבין ווי עס באַדאַרף צו זיין אין אינזערע איינוואוינער וועלין קענען רוהיג שלאָפין אויף זייערע בעטין אין מיט פאַרגאַניגען עסען זייער שטיקעל ברויט.

וייטב הדבר בעיני המלך. ווי דער קעניג האָט גיעהערט די עצה פון די שרים איז זי זייער גוט גיפעלין אין זיינע אויגין. אין ער האָט אַזוי געמאַכט. ער האָט גילאָזסט ריפען דעם משנה־למלך, אינזער רבי אַברהם אין ער האָט אים געזאָגט, מיין ליבער אין געטרייער פריינד, די האָסט דאָך געוויס גיהערט פון די רויבער־באַנדע וואָס געפינען זיך אין מיין לאַנד. זיי מאַכין חרוב די גאַנצע מדינה אין די גאַנצע געגינד פון אַרום אין אַרום. ענפערט דער משנה, יאָ, איך האָב גיהערט פון זייער שטאַרקייט דאָס זיי זענען ריזען העלדין, אין געשיקט ווי הערשין צום לויפין אויף די שפיץ דערנער. אין אויף די העכסטעביימער קענען זיי שפרינגען. איבער־אַלעם האָב איך גיהערט דאָס זיי זענען גרויסע חכמים, מיט זייער ערמה נאַרין זיי אַריין די קלוגסטע גענערעלער אין זייער נעץ וואָס זיי לייגין אינטער. זאָגט דער קעניג איך קלער דיך שיקען מלחמה צו האַלטין מיט זיי, אין איך וועל דיר מיט געבין מיין גאַנץ מיליטער. דאָס איז נאָך מיין לעצטע האָפענונג, אַז די וועסט קענען אויסראָמין די שרעקליכע דערנער פון מיין לאַנד, דאַן וועט קענען די מדינה אויפבליען. אויך ברענט אין מיין האַרץ אַ גרויס פייער וועגין מיין איין איינציגען זון וואָס זיי האָבין אומגעברענגט. וואָלט מיר חאָטש

געווען אַ קליינע טרייסט דאָס די וועסט נקמה נעמען אין די טונקעלע בעשעפענישען, וואָס האָבין שוין אַזוי פיל אויפּיצי־רען מיט מיליטער אומגעברענגט, אין די שענסטע שטעט פערניכטעט.

ויען המשנה־למלך. האָט גיענפערט דער משנה, איך מיז מיך איבערטראַכטין אויב איך קען אויף מיר נעמען אַזאַ גרויסע זאַך, אין אַפילו ווען איך וועל איינזען דאָס איך קען זיך אינטער נעמען מלחמה צו האַלטין, מיז איך אויסאַרבייטין אין פלאַן אויף וואָס פאַראַ אויפן די מלחמה צו פירען, דאַ־ריבער בעט איך צייט דריי טאָג זיך מיישב צו זיין. דער מלך ענפערט אים די ביזסט זייער גירעכט, דען מיט אַ זעלכע חיטרע רויבער מוז מען זיין זייער פאָרזיכטיג אין זוכען שפּיציגע פאָרטלען ווי אַזוי זיי אַריינצוגאַרין אין אַ נעץ. ווייל סתם מלחמה האַלטין האָט נישט קיין זינען דען זיי זענען געווים שטערקער פון אַלע מיינע חיילים. דער מלך ווינטשט אָן דעם משנה ער זאָל טרעפין דעם ריכטיגען וועג ווי אַרים די רויבער ביי צוקומען. דער משנה גייט אַ היים אין זיין שטיב. אין דער היים נעמט ער אַרויס דאָס קליינע ספר׳יל „סודות־התורה״ וואָס זיין פאָטער האָט אים גיגעבין, אין ער נעמט זיך מיט טיפע געדאַנקען טראַכטין דאַרין, ער זוכט אפשר וועט ער געפונען דערין עפּעס אַ פאָרטיל ווי זוי צו בעזיגען די רויבער. ער זוכט אין זוכט אָדער ער געפינט נישט. הערשט דעם צווייטין טאָג פאַר נאַכט האָט ער געפונען דאָס ריכטיגע פאָרטיל, ער האָט זיך זייער געפרייט דער מיט.

ביום השלישי. דעם דריטען טאָג אין דער פרי גייט דער משנה צו דעם מלך מיט אַ פריילין האַרץ. ווי דער מלך האָט אים דערזען האָט ער זיך זייער דערפרייט, אין זאָגט אים מיין ליבער משנה אין דיין ליכטיג פנים דער קאָן איך דאָס די ברענגסט מיר אַ גוטע בשורה, די האָסט געוויס אַ גוטע

עצה גיטראָפין. ענפערט אים דער משנה אדוני המלך! נישט אויף מיין חכמה אָדער אויף מיין פערשטאַנד פאַרלאָז איך מיך, נאָר אויף די חסדים פון דעם גרויסין באַשעפער וואָס צו עם איז די ריכטיגע עצה אין די חכמה און גבורה. ער איז דער אמת׳ער איש מלחמה, ער דער נידערט די הויכע, און ער דער־הייבט די נידריגע. ער האָט מיר ביז יעצט געהאָלפען אין מיינע צרות. אין איך בין פול מיט די גרעסטע אין שטאַרקסטע האָ־פענונג דאָס ער וועט מיר ווייטער העלפין. אדוני המלך! האָט דער משנה ווייטער געזאָגט. אַזוי ווי איך בין זיכער דאָס מיט קיין מענטשליכע כוחות קען מען די רויבער נישט באַזיגען, אין איך מוז זיך ממילא פערלאָזען אין גאַנצען אויף גאָט׳ס הילף, דאַריבער האָב איך זיך מיישב געווען, צו וואָס זאָל איך בעמיען דאָס גאַנצע מיליטער. איך וועל מיר נאָר אויסקלויבין צוויי הונדערט מאַן שטאַרקע העלדין, און זיי וועלין אויך נישט גיין מיט גיווער, דען איך וויל מיט די רויבער־באַנדע קיין מלחמה פירען, נאָר מיט די נעץ פון מיין חכמה וואָס השי״ת האָט מיר גיגעבין וועל איך זיי אַלע פאַנגען. אין איך וועל זיי מיט גאָט׳ס הילף שטעלין אין דעם קעניגליכען הויף אין מיטען העלין טאָג לעבעדיגערהייט.

**כשמוע המלך.** ווי דער קעניג מיט אַלע שרים האָבין גיהערט די דאָזיגע רייד זענען זיי אַלע געבליבען פערוואונדערט, אין קוקען איינער צו דעם צווייטין וואָס דער משנה רעט דאָ עפּעס. ריפּט זיך אָן דער מלך צו דעם משנה, מיין ליבער פריינד, פאָלג מיין עצה, און פערלאָז דיך נישט אויף דיין פערשטאַנד, דען עס קאָן זיך דיר מאַכין איין טעות אין פלאַן, וועסט דו חלילה זיין אין אַ סכנה, אין ווי וועל איך קאָנען לעבין אָן דיר. ענפערט איהם דער משנה איך האָב שוין געזאָגט דעם מלך דאָס איך פערלאָז מיך נישט אויף מיין

חכמה, נאָר אויף דעם באַשעפער׳ס חסדים וואָס ער טיילט אָפּ פון זיין חכמה פיר די וואָס פאַרטין זיך פאַר איהם, אין גייען אין זיינע וועגין.

**ויבחר המשנה.** דער משנה האָט אויסערוועלט צוויי הונדערט מאַן, שטאַרקע העלדין פון דעם מיליטער. ער געזעגינט זיך פון דעם מלך, דער מלך וויינט זייער שטאַרק אין זאגט איהם: דער גאָט וואָס איז דיר ביז יעצט געוועזן אין דיין הילף, דער זאָל דיר יעצט אויך זיין אין דיין הילף אין זאָל דיך אָפּהיטען פון אַלעם בייזען אין פון אַלעם שלעכטען. די שרים האָבין זיך אין האַרץ שטאַרק גיפרייט, זיי זאָגין איינער צו דעם צווייטין סוף כל סוף זענען מיר פּטור געוואָרין דעם יהודי איינמאָל פיר אַלע מאָל. זאָלען שוין אַלע אינזערע שונאים אַזוי צוריק קומען ווי דער יהודי וועט צוריק קומען, דען ווער האָט זיך נאָך אַמאָל ארויס געריסין פון די האַנט פון די רויבער־באַנדע. אפילו מיט די שטערקסטע מיליטער, איבער הויפּט אַז דער משנה גייט אַליין.

**ויסעו.** דער משנה האָט גיגעבין יעדין איינעם פון די צוויי הונדערט היילים אַ לאַנגע אייזערנע קייט אין די הענט און ויסעו. זיי זענען געפאָרין. אין סוף שטאָט האָט דער משנה אָפּגיטרעטין ביי דעם אַלטען מאַן ביי וועמען דער בן־המלך איז געוועזן, ער האָט אים פערציילט די גאַנצע מעשה, און זאָגט אים, מיין פריינד! אויף דעם האָב איך ביז יעצט גיוואַרט, און איך האָב דיך נישט גישיקט צו דיין פאָטער דער מלך, דען איך האָב מורה גיהאַט דאָס די רויבער־באַנדע וועלין זיך דערוויסען דאָס דו ביסט נישט דערטראָנקען געוואָרין נאָר ביזסט אַנטלאָפין, וועלין זיי דיך געוויס חאַפּין. אין נאָך אַ פאַרבאָרגענעם טעם האָב איך געהאַט דערביי פאַר וואָס איך האָב נישט געוואָלט מ׳זאָל וויסען דאָס די לעבסט.

אָבער יעצט ווען איך קום צוריק, אין מיט גאָט'ס הילף וועלין שוין זיין די רויבער־באַנדע אין אינזערע הענט, קומט שוין די צייט דאָס די זאָלסט דיך צוזאַם טרעפין מיט דיין פאָטער. ער גיזעגינט זיך מיט עם, אין ער גייט מיט די צוויי הונדער מאַן אין דעם גרויסין וואַלד. ביי טאָג זענען זיי גישלאָפין אויף די ביימער אין ביי נאַכט זענען זיי גיגאַנגען, דען זיי האָבין מורה גיהאַט דאָס די רויבער־באַנדע זאָל זיי נישט דערזען. דריי נעכט זענען זיי גיגאַנגען די פערדע נאַכט זענען זיי אָנגעקומען צו דעם גרויסין בוים וואָס איז גישטאַנען נעבין דעם שטיין. דער משנה האָט גיגעבין אַ באַפעל דאָס אַלע זאָלען אַרויף קריכען אויף דעם בוים אין יעדער זאָל זיך בעהאַלטין אינטער אַ גרויסער בלאַט. אין קיינער זאָל זיך נישט דערוואַגין צו רעדין אַ וואָרט. אַלע צוויי הונדערט זעלנער זענען ארויפגיקראָכין אויף דעם בוים, עס איז גלייך שטיל געוואָרין, אין עס איז נישט געווען צו דערקענען דאָס עס געפינט זיך דאָ אַ לעבעדיג באַשעפעניש.

די צוויי הינדערט מידע זעלנער זענען נעבעך גלייך אַיינ־געשלאָפין אויף די ביימער אַ טיפען שלאָף.

ט.

שינה לרשעים. יעצט וועלין מיר דערציילען וואָס איז געווען דאָס פאָרטיל וואָס רבי אברהם האָט גיפינען אין דעם ספר „סודות התורה" וואָס זיין פאָטער פון יענער וועלט האָט איהם גיברענגט. די גמרא זאָגט „שינה לרשעים נאה להם, ונאה לעולם". דאָס הייסט: „דער שלאָף פאַר רשעים איז שיין פאַר די רשעים, אין שיין פאַר די וועלט". שטייט דאָרט אין דעם ספר „סודות התורה" נעם דעם גראָז וואָס הייסט „אשבילא" אין צו מאָל דאָס אויף שטויב, אין נעם וואַסער וואָס ריפט זיך „אשבמז" אין מיש דאָס צוזאַם ווען פון דעם ארויס קומען

אַ שלאָפגיטראַנק וואָס ווער עס וועט טרונקען אַ משקה וואָס איז אַריין גימישט אין איר אַ טראָפּ פון דעם שלאָפגיטראַנק וועט שלאָפין דריי טעג און דריי נעכט. שלעפער מיט דעם אין די רשעים, וועט דאָס זיין שיין פאַר די רשעים, דען זיי וועלין ווערין אויס רשעים, אין ממילא וועט דאָס זיין שיין פאַר די וועלט. אָט דאָס האָט רבי אברהם גענימען צו די דאָזיגע רשעים די רויבער־באַנדע.

לפני חצות הלילה. בערך אַ שעה פאַר חצות נאַכט איז רבי אברהם דער משנה אַראָפּ פון דעם בוים. מיט זיין שליסעל־וואָס ער האָט באַקומען פון דער פערבאָרגענער האַנט, האָט ער גיעפינט דעם שטיין אין איז אריין אין די גרויסע שיינער הייל, ער גייט גלייך צו צו דעם ווין קעלער אין נעמט ארויס אַ פלעשיל פון דעם שטאַרקען שלאָפגיטראַנק וואָס ער האָט גימאַכט לויט די פאָרשריפט פון דעם ספר סודות־התורה, ער גיסט אַריין אין יעדער משקה וואָס ער האָט דאָרט גיפינען אַ טראָפּין פון דעם שלויף גיטראַנק, אין גייט גלייך אַרויס פון דער הייל, שליסט זי צוריק צו, אין קריכט אַרויף אויף דעם בוים, אין וואַרט דאָס די רויבער־באַנדע זאָל קומען. ווען עס איז געוועזן לערך חצות זענען זיי אָנגעקומען, זיי זענען גלייך אַריין אין דער הייל ווי געווענדליך, אָנדעם זיי זאָלין עפּעס באַמערקין, דאָס דער בוים לעבין דעם שטיין איז אָנגעלאָדינט מיט אַ גרויסין עולם מענטשין. אין זיי ווערין פערשווינדען אינטער די ערד.

טעות החכם. יעצט האָט רבי אברהם געמאַכט דעם גרעסטין טעות אין זיין לעבין. ער האָט געוואַרט בערך אַ שעה נאָכדעם וואָס די רויבער־באַנדע זענען אַריין אין דער הייל, אין קלערענדיג דאָס זיי זענען שוין געוויס איינגעשלאָפין פון זיין שאַרפען שלאָפגיטראַנק איז ער זיך זיכער אַראָפּ פון דעם

בוים גיעפינט דעם שטיין אין גייט אַריין אין דער הייל. די ערשטע צרה וואָס האָט רבי אברהמ׳ן בעגעגינט אין די הייל איז געוועזן דאָס גלייך ווי ער האָט פערשלאָסין דעם שטיין פון אינוועניג איז אים דער גרויסער שליסעל אַראָפּגיפאַלין פון די האַנד אין איז פערשווינדען געוואָרין. ער האָט איהם אַביסיל גיזיכט, אָדער ווען ער האָט גיזען דאָס ער איז באמת נישט דאָ, האָט ער זיך גיטראַכט מילא, איך וועל שוין נעמען דעם שליסעל פון קעניג, ער שלאָפט שוין געוויס גאַנץ פעסט פון מיין שטאַרקין שלאָפגיטראַנק. אָדער ווי פינסטער איז אים גיוואָרין פאַר די אויגין ווען ער איז אַריין אין דעם עס זאַל, זעט ער ווי אַלע זיצען אַרום אַ גרויסין לאַנגין טיש, אין קעך קאָכט זיך גרויסע קעסלען פלייש אין פערשידענע געשמאַקע מאַכלים. די ערשטע זאַך וואָס ער האָט גיזאָגט ווען ער האָט געזען דאָס ער איז דאָ אַזוי שלעכט אריינגעפאַלין איז געווען „גם זו לטובה" „דאָס איז אויך צו גיטען".

**כאשר ראָה** ווי די רויבער־באַנדע האָבין איהם דער זען, האָבין זיי זיך זייער פערוואונדערט ווי זוי האָט ער גיקאָנט אַריינקומען. זיי נעמען עם אָן, אין טראָגען עם צו צו זייער קעניג. ווער ביזט דו? ווי אַרום ביזט דו אַריינגעקומען אין דער הייל?, האָט דער קעניג פון די רויבער איהם גיפרעגט. איך בין אַ גרויסער קונצלער — האָט רבי אברהם גיענפער׳ט — אין מיט מיינע גרויסע קונצין בין איך ביז אַהער געקומען. ווי דער קעניג זעט זיינע חוצפה׳דיגע רייד ווערט ער זייער אויפגירעקט, אין זאָגט, איך וועל דיר באַלד דיין קאָפ אַראָפּ נעמען, אין אַז די וועסט נאָך לעבין דעמאָלטס וועל איך וויסען דאָס די ביסט באמת אַ קונצלער. נעמט זיך רבי אברהם הו׳יך לאַכין, דאָס איז אַ קונץ, אַ מענטש וואָס מהאָט איהם יעצט דעם קאָפ אַראָפּ גינומען זאָל לעבין, איך וועל דיר ווייזין דאָס

דעם קרוינפּירנץ, דער בן־המלך, וואָס האָט זיך שוין עטליכע וואָכין דער טראַנקען וועל איך אויך לעבעדיג מאַכין, דער מלך איז זייער אויפגערעקט, אין זאָגט איהם, וואָלסט דו נישט געווען אַזאַ מחוצף וואָלט איך שוין געהייסין דיר אָפּהאַקין דעם קאָפּ. אין וואָלסט פּטור געווען פון יסורים אין ווייטאָג, יעצט אַז דו ביזט אַזאַ גרויסער עזות־פּנים וועל איך דיר שוין אויס־געפינען אַ ביטערין טויט. דערווייל זאָל מען טיש דעקין, — האָט דער מלך אַ בעפעל גיגעבין — אין נאָך דעם עסין וועלין מיר האַלטין איין עצה מיט וואָס פאַראַ טויט דעם מחוצף אַ וועק צו שיקען פון די וועלט.

וישבו לאכול. זיי האָבין זיך אַלע צו דעם טיש גיזעצט, אין מען שטעלט אַרויף אויף דעם טיש עטליכע גרויסע טעפּ מיט פליישׁ, יעדער רויבר האָט אַ גרויסען גאָפּעל, ער שׁ־טעקט דאָס איין אין טאָפּ אין מען עסט. אַ הונדערט רויבער שפּילען צו מיט אַלערליי כלי־זמר, סהאָט אויסגיזען ווי — להבדיל — גרויס יום־טוב. אין מיטען די סעודה זאָגט דער מלך צו רבי אברהם די קענסט אויך מיט עסין מיט אונז אין נאָכדעם וועסט דו ווייזין דיין קונצ־שטיק לעבעדיג צו מאַכין דעם בן־המלך, אין מיר וועלין מאַכין אונזער קונצ־שטיק דיך די מחוצף טויט צו מאַכין. ענפערט רבי אברהם זייער ריכטיג, אָבער מיט עסין מיט אייך קאָן איך נישט, דען איך בין אַ יהודי, ווי דער מלך דערהערט דאָס, רוימט ער איין אין אויער פון זיינע עלצטע, אוי! אויב דער איז אַ יהודי וועלין מיר אים נישט אַזוי גרינג פּטור ווערין. מיר מוזען זיכען איין עצה ער זאָל נישט לעבעדיג פון אונז אַרויס. דער שר־המשקים קומט אין ברענגט פיר יעדין אַ בעכער ווין צו טרינקען, יעדער טרינקט אויס זיין בעכער ווין אין... עסט ווייטער, רבי אברהם איז שיעור די נשמה ארויסגיפלויגין, ער זעט

שוין דאָס יעצט ענדיגט זיך זיין לעבין, זעט אויס דאָס איך האָב נישט גיט אויסגעמישט דאָס שלאָפגיטראַנק — האָט ער זיך געקלערט —, עס גייט אים אַריבער איבער די גידאַנקען די טונקעלע נאַכט ווען ער איז דאָס פאָריגע מאָל דאָ גיווען דע־מאָלט איז ער געווען עלינט אַליין אין האָט זיך אויך גיראַנגילט מיטן לעבין, אָדער דאָך ער האָט נאָך גיהאַט זכותים, איבער דעם איז ער גירעטעט גיוואָרין, אָדער יעצט האָט מען אים שוין דאָס בעצאָלט, ער איז געוואָרין אַ משנה־למלך יעצט איז ער שוין אַ פערלאָרענער, האָט ער זיך גיטראַכט. דערווייל האָבין זיי שוין באַלד גיענדיגט די סעודה. און זיינע מינוטין ווערין אַלץ ווייניגער. פלוצלונג דערמאַנט ער זיך זיין פאָטערס חלום, וואָס ער האָט אים גיזאָגט דאָס עס וועט נאָך דורך גיין אויף אים שווערע צייטין, אין אויב ער וועט זיך פירען אין גאָט׳ס וועג וועט ער גיראַטעוועט ווערין, קלערט זיך רבי אברהם איך פיר זיך יעצט פונקט אַזוי אין גאָט׳ס וועג ווי ביז יעצט, וועט מיר השי״ת געווים ראַטעווען. טראַכטענדיג אַזוי זעט ער דאָס דער גאַנצער ווייַן וואָס זיי האָבין גיטרינקען איז געווען אין צוויַיטין צימער לעבין עס זאָל, דאָס איז שוין געווען צו געגרייט פון בייטאָג. יעצט האָט ער שוין פער־שטאַנען פיר וואָס די רויבער זענען נישט אַיינגעשלאָפין פון זיין שלאָפגיטראַנק, דען ער האָט נאָר אַריין גיטאָן זיין שלאָפגיטראַנק אין ווייַן וואָס איז גיווען אין ווייַן קעלער. ווען רבי אברהם איז דערויף געקומען פאַר וואָס די רויבער זענען נישט איינגישלאָפין, האָבין זיי שוין גיהאַט גיענדיגט דאָס עסין, זיי האָבין זיך שוין גיוואָלט אויפ הייבין פון די טישען.

**ויאמר רבי אברהם.** זאָגט רבי אברהם צו דעם מלך אַזוי אָרים איז דיין קעניג רייך, דאָס מען קען זיך נישט ערלוי־בין צו טרונקען מער ווי אַ בעכער ווייַן, אָדער האָסט דו מורה

אַז אויב דיינע זעלנער וועלין טרונקען מער ווי אַ בעכער ווין וועלין זיי אַזוי פער שיכורט ווערין דאָס איך וועל זיי אַלע ביי קומען. ענפערט דער קעניג די אָפּגיריסענער נאַר, וויפיל רעכענסט דו דיך מתחצף זיין קעגין מיר. נאָר פין דעסט וועגין דאָך, ווייל מיר וועליַן באַלד אויס רוימין פון די וועלד אַ גרויסען מחוצף וואָס עפּעס אַ שוואַרץ־יאָר האָט אים אריינגע־ברענגט אין אינזער קעניגרייך, און ווייל עס איז אינז געשען אַ נס דאָס דער שלעפער איז יעצט ביי נאַכט געקומען, ווען מיר זענען דאָ, דען ווען ער קומט ביי טאָג ווען אינז זעמער נישט דאָ וואָלט ער דאָך גיקענט ברענגען אויף אינז אַ גרויס אומ־גליק. צוליב דעם אלעם וועלין מיר טאַקע טרונקען אַ גרויסין לחיים.

ויצו המלך. דער מלך האָט גיגעבין אַ בעפעל צו דעם שר־המשקים ברענג ווין צו דעם טיש כיד־המלך. עס איז נישט אַריבער אַ פּאָר מינט איז געלעגין אויף די טישען אַ היפשע פּאָר פעסער ווין אין אַלע רויבער — אין דער מלך בראש — האָבין גישעפּט מיט זייערע בעכערס. אָדער מער ווי איין בעכער ווין האָט קיין איינער נישט געטרונקען, דען גלייך ווי זיי האָבין דעם איינעם בעכער אויסגעטרונקען זענען זיי איינגישלאָפין אזוי ווי טויטע מענטשין. יעצט האָט שוין רבי אברהם פערשטאַנען דאָס אַלעס איז לטובה, דען ווען ער קומט אַריין שפּעטער, ווען זיי האָבין שוין גיהאַלטין נאָך דעם עסין וואָלט ער דאָך נישט געוויסט וואָס די אורזאַך איז דאָס זיי זענען נישט איינגעשלאָפין, ווער וויס צו ער וואָלט דעמאָלטס לעבעדיג אַרויס פון זייערע הענט. אָה! ווי ריכטיג איז וואָס די הייליגע גמרא זאָגט אַז אַלס דינג איז לטובה. „גם זו לטובה“. איך האָב זיך דאָס שוין איבערצייגט זייער אַ סאַך מאָל, אין יעצט נאָך אַמאָל.

ווילך בארמנותיהם. יעצט האָט ער זיך גענומען מיט אַ רוהיג גימיט אַרומגיין אין אַלע פּאַלאַצען, דען דאָס ערשטע מאָל איז ער גיגאַנגען מיט גרויס פּאָרכט, שטענדיג האָט ער גיקלערט אפשר געפינט זיך ערגעץ איין שומר. אין, דאָס ערשטע מאָל איז ער נישט געווען נאָר אין אַ קליינעם טייל פון די פּאַלאַצען דען ווען ער איז צו געקומען צו דעם פּאַלאַץ ווי דער בן־המלך איז געווען איינגעשפּאַרט האָט ער זיך גלייך גענומען ראַטעווען דעם בן־המלך, אין ער איז מיט אים אַרויס פון די הייל בעפויער ער האָט גיזען די גאַנצע הייל אין אַלע שיינע פּאַלאַצין אין גערטנער פון אַלע זייטין. אָדער יעצט האָט ער צייט גיהאַט, אין קיין פּחד האָט ער נישט גיהאַט דאַריבער איז ער גיגאַנגען פון איין שטיב צו דער צווייטער. ביז ער איז צוגעקומען צו איין שיינעם צימער וואָס האָט דאָס אויג צוגיצויגין פון די שיינע טייערע שטיינער וועלכע זענען גיווען אַריין גיזעצט אין די וואַנט אין האָבין גילויכט אַזוי ווי שטערין. אויך איז גיהאָנגען אַ שיינע בילד אויף די וואַנט, וואָס אויף די בילד איז געווען אויסגימאָלין מיט לעבעדיגע פאַרבין די גאַנצע הייל, אַזוי שיין איז דאָס גיווען אויסגימאָלין אַז דאָס האָט אויסגיזען ממש ווי עס וואָלט ווירק־ליך גיווען נאָך אַ הייל. רבי אברהם גייט צו צו דעם צימער זעט ער דאָס אינעוועניג זיצט אויף אַ גאָלדענע שטיל איין יונג קינד וואָס אויף איר עדעלען גישטאַלט האָט מען גלייך גע־קאָנט דערקענען דאָס זי שטאַמט פון אַ קעניגליך הויז, די הענט אירע זענען גיווען גישלאָסין מיט אַ גאָלדענער קייט. ווי ער קומט בענטער הערט ער ווי זי וויינט אין זיפצט פון טיפען האַרץ. עס האָט אים אָנגעחאַפּט אַ גרויס רחמנות אויף דעם אידעלעם קינד, אין פרעגט איר ווער ביזט דו, אין ווי אַזוי ביזסטו אַ הער פערחאַפּט גיוואָרין. זי האָט אָבער אים נישט גיוואָלט

ענפערין, נאָר זי האָט צו זיך אַליין געזאָגט מיט אַ יעמערליכע רחמנות׳דיגע שטימע די ווערטער, ער מאַכט זיך ווי גלייך ער קאָן מיך נישט. ער מיינט דאָס אַ בת־מלכה קען מען אַזוי פשוט אָפּ נאַרין. איך זאָג נאָך איינמאָל אין איך וועל דאָס זאָגין ביז איך וועל האָבין די נשמה אין מיין גוף, דאָס איך וועל נישט חתונה האָבין מיט אייער־מלך. דען אַ בת־מלכה וועט קיינמאָל נישט נעמען פאַר אַ מאַן אַ רויבער. עס איז מיר בעסער צו שטאַרבין מיט אידען, איידער צו לעבין אין דעם בעסטין אין שענסטין גוטין, אין האָבין אַ מאַן אַ רויבער. זי האָט די ווערטער גע־זאָגט קלערענדיג דאָס געוויס איז דאָס עפּעס אַ פאַרשטעלטער רויבער וואָס דער מלך פון די רויבער־באַנדע האָט אים אײנ־טער גישטעלט ער זאָל איר צו רעדין חתונה צו האָבין מיט עם.

**ויאמר.** רופט זיך אָן רבי אברהם צו איר, לויט ווי איך פערשטיי שרעקן זי זיך דאָס איך בין אַ פאַרשטעלטער רויבער. דאַריבער זאָג איך אינען דאָס איך בין אַ יהודי וואָס שרעקט זיך פאַר גאָט, אין אַזאַ יהודי קען נישט זיין קיין רויבער. איך קען אינען בערוהיגען דאָס איר ברויכט אייך שוין מער נישט צו שרעקין פון די רויבער־באַנדע, דען מיין גרויסער בעשעפער האָט זיי מיר שוין איבער געגעבין אין מיין האַנט, איר זענט שוין אַ גערעטעוועטע פון זיי.

הערענדיג די דאָזיגע ווערטער האָט זי שוין פערשטאַנען דאָס ער איז באמת קיין רויבער, זאָגט זי צו אים, מיין הער, מילא איך בין שוין אַ פאַרלוירענע, איך ליג שוין דאָ פאַרשלאָסין א לענגערע צייט אין וואַרט יעדין טאָג מיט פרייד דעם טויט, אָדער דיר איז אַ גרויסער שאָד אויף דיינע יונגע יאָרין, באַלד קענען דאָ אַדורך גיין עטליכע רויבער, אין אַז זיי וועלין דיך דאָ זען, וועלין זיי דיך געוויס לעבעדיג איין שלינגען, דאַריבער פאָלג מיין עצה אַנטלויף פון דער הייל באַצייטינס, דען פון די שפּי־

ציגע נעגיל פון די שרעקליכע רייבער האָט זיך נאָך קיין מענטש לעבעדיג נישט אַרויס געריסען.

**ויראה את פגריהם.** רבי אברהם האָט פערשטאַנען דאָס די בת־המלכה איז נישט אימשטאַנד צו גלייבין זיינע ווערטער, האָט אַראָפּ גיהאַקט די גאָלדענע קייטין פון אירע הענט אין הייסט איר זי זאָל נאָך גיין נאָך אים, ער גייט מיט איר איבער אַלע צימערין ביז ער איז געקומען אין זייער עס צימער. דאָ גייט ער צו צו דעם מלך אַליין בכבודו ובעצמו, אין גיט אים אַ היפּש שנעדיל אין זיין נאָז, ער שרייט אים אַריין מיט אַ הויכע שטימע אין אויער אַריין, ער גייט צו צו אַ צווייטין רויבער אין גיט אים אַ שלעפּ אַראָפּ אויף די ערד, אָדער אַלעס איז אומזיסט קיינער רירט זיך נישט, אַלע זענען ווי טויטע מענטשין. ווי זי האָט דאָס געזעהן האָט זי זיך געטראַכט דאָס אלע זענען געהאַרגעט געוואָרין דורך דעם וואָס רבי אברהם האָט זיי פער׳סמט.

**י.**

**הבוקר אור.** רבי אברהם גיט אַ קוק אויף דער שיינער ליכט פון דער הייל זעט ער דאָס אין דרויסין ברויך שוין זיין גאַנץ העלער טאָג, גייט ער צו צו דעם מלך אין נעמט אים ארויס פון זיין טאַש דעם גרויסען אייזערנעם שליסעל, דער שליסעל איז געווען אַזוי שווער דאָס רבי אברהם האָט אים קוים קוים מיט גרויסע מי גיקענט טראָגן, אָה! ווי נעמט מען מיין שליסעל וואָס איך האָב גיהאַט פון דער פערבאָרגענער האַנט, יענער שליסעל האָט דאָך גאָרנישט גיוואויגין — האָט זיך רבי אברהם גיטראַכט — אָדער „השם נתן והשם לקח" דאָס הייסט דער אייבערשטער האָט גיגעבין אין דער אייבערשטער האָט צו גינומען, צו דעם גרויסין באַשעפער

איז נישט דאָ קיין טענות דען וואָס ער מאַכט פאַר דעם מענטש איז דאָך געוויס צו זיין גיטענס. ער האָט זיך קוים דערשלעפּט מיט דעם שליסעל ביז צו די טיער פון דער הייל, אין מיט גרויס מי גיעפינט דעם שטיין אין איז אַרויס גיגאַנגען פון די הייל. אין דרויסין גיט ער אַ באַפעל פאַר די צוויי הונדערט זעלנער וואָס זענען גילעגין בעהאַלטין אויף דעם בוים, אַ ראַפּ. ווי אַ שטורעם רעגין זענען אַ ראַפּ גיפלויגין פון דעם בוים די צוויי הונדערט זעלנער, יעדער איינער האַלט אַ לאַנגער אַייזערנע קייט. יעצט הערט אייך גוט איין וואָס איך זאָג אייך, האָט רבי אברהם שטרענג גיזאָגט — אַזוי ווי עס פּאַסט פאַר אַ משנה — פאַר די זעלנער. יעצט וועל איך אייך אַריינטראָגין אין זייער אַ שיינעם הייל אַזאַ שוינקייט ווי איר וועט דאָרט זען האָבין אייערע אויגין נאָך געוויס נישט געזען. איך וואָרין אייך איר זאָלט נישט אַרום קלעטרין אין אַרום קריכען אין איר. נאָר וואָס מען וועט אייך באַפעלין זאָלט איר גוט אין גרינטליך אויספירען. יעצט גיט ער ווייטער אַ באַפעל דאָס זיי זאָלין זיך צוזאַס שטעלין פאַר ווייס, צוויי זעלנער איינער לעבין צווייטין, אין אזוי זיך אויסשטעלין אין אַ לאַנגע רייע פון הונדערט מאַן. ווען זיי האָבין זיך אזוי אויסגישטעלט שפּאַרט דער משנה־למלך אויף דעם שטיין מיט דעם שווערין שליסעל, עס עפינט זיך גלייך אַ שיינער אויסגעהאַקטער טויער. דער משנה גיט אַ באַפעל דאָס זיי זאָלין אריין גיין פאַר ווייס איינ פאַר נאָך דעם צווייטין, דער משנה־למלך גייט פוראָס אין די צוויי הונדערט זעלנער נאָך אים, ער גייט גלייך צו צו דעם עס זאַל אין גיט אַ באַפעל מען זאָל צוהאַקין די לאַנגע אייזערנע קייטין וואָס יעדער האָט מיט גענומען אויף אַ קליינע שטיקער, כדי מען זאָל מיט זיי שליסען די הענט מיט די פוס פון די רויבער, הונדערט מאַן זאָלען שליסען די הענט מיט די פוס, אָדער פעסט, נישט

חלילה איינער זאָל זיין שוואַך צוגעבונדען. נאָך דעם ווען אַלע רויבער וועלין שוין זיין גיבונדין העגט אין פוס זאָל מען יעדין אַרום בונדען די אויגין. די צווייטע הונדערט זעלנער זאָלען מיט מיר מיט קומען. דער משנה זעט אָדער דאָס די ערשטע הונדערט האָבין מורה צו צוגיין צו די רויבער׳ס, נעמט ער אליין איין קייט אין בינט פעסט אַרום דעם מלכ׳ס הענט אין פוס, ער גיט אַ באַפעל דאָס מזאָל גישווינד אַלע אַזוי ארום בינדען. יעצט גייט דער משנה מיט די אַנדערע הונדערט זעלנער, אין די שטאַלין פון די רויבערס, ער גיט אַ באַפעל מען זאָל פינף הונדערט גרויסע וועגין אַיין שפּאַנען יעדין וואָגין מיט צוויי פערד. ווי זיי האָבין איין גישפּאַנט די פערד אין די וועגין, גיט ער אַ באַפעל קומט נאָך מיר מיט די וועגין, ער גייט צוריק צו דעם עס זאַל, זעט ער ווי אַלע רויבער זענען פעסט פערבונדען די הענט אין פוס אין מיט דיקע טיכלעך פערבונדען די אויגין, ער גיט אַ באַפעל שנעל אַרויפלייגין די רויבער אויף די וועגין, אין מיט שטריק נאָכאַמאָל זיי צו בונדען צו די וועגין, דען די ריזען רויבער־באַנדע זענען אומשטאַנד אויפצורייסין די קייטין פור די הענט.

ויִנצלוּ את המערה. ווען די רויבער זענען שוין גילעגין פעסט צו גיבונדען צו די וועגין האָט דער משנה גיגעבין אַ באַ־פעל אַלע צוויי הונדערט זעלנער זאָלען קומען נאָך אים. ער גיט אַ באַפעל, די רעסט פערד וואָס געפונען זיך אין די שטאַלין אַלע זאָלין ווערין איינגעשפּאַנט, אין אויף די וועגין ארויף לאָדענען דעם גאַנצען אוצר וואָס גיפינט זיך דאָ, גאָלד אין זילבער, ברילאַנטען אין פעריל, הונדערטער וועגין זענען געוואָרין אָנגיפאַקט מיט אַזאַ פאַרמעגין וואָס קיין קעניגס אוצר האָט נאָך קיינמאָל נישט פערמאָגט, דאַן האָט ער גיגעבין אַ באַפעל אויף די שאָף אין די רינדער, אין אַלע בהמות אַלע מאַגאַזינען

פון גיוועהרין מיט כלי־זיין אַלעס זאָל ווערין צו גיגרייט צו דער רייזע. יעצט האָט זיך דער משנה־למלך אינזער רבי אברהם גינומען דעם קעניגס פערד וואָס עס איז נישט געווען זיין גלייכין, ערשטינס איז עס גיוועזן העכער פון די גרעסטע פערד. צווייטינס, האָט עס גיקענט שפרונגען איבער גרויסע פעלזין שטיינער אין דער רייטער איז נישט אַראָפּ גיפאַלין דערפון, אויך האָט דאָס פערד גיקאָנט שווימען אין טיפסטען וואַסער. דערנאָך האָט דער משנה גינימען דעם קעניגס שווערד וואָס איז גיוועזן זייער קונצליך בעפיצט מיט שיינע צירינג וועלכע האָבין פון ווייטין גיגלענצט אין די אויגין, אין איר שאַרפקייט איז געווען שרעקליך.

**וישם כתר מלכות בראשו.** די קעניגליכע קרוין פון דעם מלך הגזלנים האָט ער זיך אויך אָנגעטאָן, צו דער קרוין איז נישט גיוועזן קיין גלייכין די קונצליכע אַרבייט מיט די פיעלערליי ליכט פון פערשידענע טייערע שטיינער, האָבין דאָס אויג פערבלענד. דאָס איז געווען אזוי קונצליך גע־מאַכט, דאָס ווער עס האָט דאָס אָנגעטאָן האָט מען פאַר אים באַקומען אַ שרעקליכען פחד, אין אין טיפען האַרץ האָט מען אים ליעב בעקומען. אין דער קעניגליכער קאָטש האָט ער געהייסין פירען די בת־המלכה. פופציג זעלנער האָט ער גע־הייסין גיין פון פאָרויס, פופציג נאָך די מחנה אין צו פופציג פון די צוויי זייטען אין ויסעו דאָס הייסט: געפאָרין!.

**ויסע כל המחנה.** די גאַנצע מחנה האָט ארויס גיצויגין פון דער הייל, זייער אַ שווערע מחנה, אָנגילאָדינט מיט גאָלד אין זילבער אַבנים־טובות אין מרגליות, שעף אין רינדער, קוען אין אָקסען, אין איבר אַלעם די פינף הונדערט וועגין מיט די שווערע רויבער־באַנדע, דער וואַלד ווי זיי האָבין גיצויגין האָט זיך שיעור איינגעריסען.

**ויהי בנסוע.** ווי די מחנה איז שוין גיפאָרין צוויי טעג אין צוויי נעכט האָבין זיך אָנגעהויבין די רויבער׳ס אויף צו וועקין פון זייער טויט־שלאָף, ווי זיי הייבין זיך אָן דעריך צו וועקין הערין זיי עפּעס אַ גרויסען ראַזש, קוּען אין קעלב־ליך מרוּצען, די שעף אין די רינדער שרייען מה! מה! די הונט בילען. זיי ווייסען נישט אויף וועלכער וועלט זיי געפונען זיך, דער וויל עפענען זיי די אויגין שפּירען זיי דאָס די ליכט איז פאַרשטעלט פון זייערע אויגין, זיי ווילען אויסצוען די הענט אין פוס, אַלעס איז ווי צו געמויערט, אפילו אויפזעצין קענען זיי זיך נישט, זיי האָבין שוין גלייך דער פילט דעם גרויסין חורבן וואָס איז זיי גישען, זיי שרייען גיוואַלד ווי געפינען וויר זיך עפּעס אויף די וועלד, ווי אַהין פירט מען אונז אַזוי ווי געבונדענע שעפּסין, ענפערט זיי דער משנה־למלך וואַרט אַ ווייל, איר וועט אַ ביסעל עלטער ווערין וועט איר פּונקטליך וויסען, אַז מען האַלט שטענדיג אַ שטעקין אין די הענט אין מען טוט יעדין מיט עם פלאָגין, ווערט מען צום סוף אַליין מיט עם גישלאָגין. ווער עס לעבט שטענדיג אויף די שווערד, איז זיין סוף אַז זי לייגט אים אין דער ערד.

**ויגיעו עד לפני עיר המלוכה.** זיי האָבין גיצויגין אין גיצויגין זייער לאַנגזאַם דען מיט אַזאַ גרויסע מחנה איז נישט מעגליך שנעל צו ציען. ביז זיי זענען סוף כל סוף אָנגעקומען צו אַ קליין שטעטיל וואָס איז פאַר דער קעניגליכער שטאָט. דאָ גייט צו דער משנה צו דער בת־המלכה אין זאָגט איר מיין טאָכטער ווען די וועסט מיין עצה פאָלגין וועט דיר גוט זיין, די זאָלסט דיר אָנטאָן פשוטע קליידער אין אַלט טיכעל אויפין קאָפּ אַז מען זאָל דיך נישט דערקאָנען דאָס די ביזסט אַ בת־מלכה, זי זאָגט אים וואָס דער משנה וועט מיר הייסין וועל איך הייליג פאָלגין. יעצט הייסט דער משנה דאָס די גאַנצע מחנה זאָל

בלייבין שטיין, אין ער פאָרט צו מיט דער בת־מלכה צו דעם גרויסין פּאַלאַץ ווי דער גראַף פון דעם שטעטיל האָט גי־וואוינט. דער גראַף לויפט אים אַ קעגין, אין זאָגט צו אים, אדוני המשנה וואָס איז דאָס מיין זכות אַזוי גרויס דאָס דער משנה־למלך זאָל קומען צו זיין קנעכט. ענפערט אים דער משנה, נישט קיין גרויסע זאַכין וויל איך פון דיר פאַרלאַנגען, איך וויל אַ קליינע טובה פון דיר זאָלסט מיר צושטעלין א בעזונדער צימער פאַר די הערינטע זי זאָל זיך דאָ ביי דיר אויפהאַלטין, אויך פערלאַנג איך פון דיר דאָס די זאָלסט דיך אָומקוקען אויף איר, אין איר באַזאָרגין אַלע אירע געברויכעני־אין די וועסט גוט באַלוינט ווערין דערפאַר, דער גראַף ענ־פערט אים עס איז מיר די גרעסטע פרייד אין די גרעסטע בעלוינונג דאָס איך קען ערפילען דעם ווילען פון דעם גרויסין משנה. דער משנה זאָגט פאַר די בת־מלכה ביי דעם גראַף וועסט דו דיך געפונען ביז איך וועל איין זעהן אַז עס איז געקומען די צייט דיך אַ וועק צו נעמען פון אים. עס וועט דיר גאָרנישט פעלין ביי אים, אין די קענסט ווען די ווילסט אַריינפאָרין אין שטאָט שפּאַצירען, ער לאָזסט איר איבער די קאָטש מיט די זעקס פערד אין גיזעגינט זיך פון איר, ביים געזע־גענען זאָגט ער איר אָן, דאָס זי זאָל גוט גידענקען וואָס ער האָט איר געראָטין, אַז זי זאָל זיך נישט פּוצין, אויך זאָגט ער איר אָן זי זאָל היטען איר כבוד אין זיך איידעל אויפפירען. נאָך דעם וואָס ער האָט איר אַלעס אָנגעזאָגט פאָרט ער צוריק צו דער מחנה. די מחנה ציט ווייטער ביז צו דעם קעניג־ליכען הויף.

ויבואו בשער המלך. אין מיטען העלין טאָג, די זון האָט גיגאָסין מיט איר ליכט אין אַלע ווינקלעך פון דער הויפטשטאָט, האָבין אַריין מאַשירט די גרויסע ריזיגע מחנה,

דאָס גיראַש פון דער מחנה האָט פון זיך אַליין צוזאַם גי־
שלעפט אַלע איינוואוינער פון שטאָט, מיט קינדער אין די
וויגען זענען די מאַמעס געקומען קוקען די וואונדערליכע
מחנה, פון די וועגין האָבין גיבליצקעט די גאָלד אין זילבער.
די אבנים־טובות האָבין צוריק גישפיגילט צו די זון פיעל
שאַרפע שטראַלין.

ווען די מחנה איז אָנגעקומען צו דעם קעניגס הויף אין שוין
די גאַנצע שטאָט דאָרט גיוועזן. קיינער וויל נישט גלייבין פיר
זיינע אויגין, דאָס מען האָט גיחאַפּט די רויבער־באַנדע. איז
דען מעגליך, די רויבער וואָס האָבין גימאַכט דאָס גאַנצע לאַנד
שטורמען, קעניגרייכין האָבין זיי גימאַכט צוטערין. אויפיצירען
מיט גענערעלער האָבין זיי פערניכטעט, איז דען מעגליך דאָס
די רויבער זאָלין ליגען פאַר אונז מיט פערבונדענע הענט אין
פוס. ווי קען זיך דאָס אַ מענטשליכער געדאַנק פאָרשטעלין
דאָס די קונצליכע העלדין וואָס האָבין גיוואָרפין זייער שרעק
אויף די גאַנצע וועלד האָט דער משנה־ געחאַפּט, אַזוי ווי מען
חאַפּט קליינע פייגעלי'ך אין אַ נעץ אַריין.

וירא המלך, וירץ לקראתו. ווי דער מלך האָט דערזען
זיין משנה מיט דער גאַנצע מחנה, איז ער אַקעגין גילאָפין
מיט אַלע זיינע שרים קעגין דעם משנה, אין דאָס פערד פון
דעם משנה־למלך שפּרינגט אין דער הייך, אין די גאָלדענע
קרוין אויף זיין קאָפּ מיט די פילע אבנים־טובות גלאַנצין אין
וואַרפין שטראַלין אַזוי ווי בליצען. זיי לייכטין ווי די שטערין
אין הימעל, אין די ליכט פון זיין פנים איז אַזוי ווי די ליכטיגע
זון. ווי דער מלך מיט די שרים זעיען דאָס, זענען זיי זייער
דערשראָקין געוואָרין פאַר זיין ליכטיג פנים. אָדער ווי דער
משנה האָט נאָר דער' זען דעם קעניג, איז ער אַרינטער גע־
שפּרונגען פון זיין פערד אַזוי ווי איין לייב, אין גענומט אַרונטער

די קרוין פון זיין קאָפּ און לייגט זי צו די פוס פון דעם קעניג. דער קעניג איילט זייער געשווינד און הייבט אויף די קרוין, און פאַלט אים אויף זיין האַלדז און קושט אים מיט זייער גרויס פרייד, הייסע טרערין האָבין זיך גיגאָסין פון דעם קעניגס אויגין פון גרויס פרייד און דער קעניג זאָגט צו עם:

**מיין טייערער משנה!**

**די קרוין איז דיינע. און דאָ פאַר דער פערזאַמלונג פון אַלע איינוואוינער פון מיין הויפּט שטאָט זאָג איך, דאָס דער משנה־למלך רבי אברהם בן רבי ברכיה זאָל נאָך מיר קעניגען, און איך ווייס און בין אייך מבטיח דאָס זיין קעניגרייך וועט זיין שטאַנד האַפּט, און וועט זיין פון די שטערקסטע מלוכות וואָס זענען פאַרהאַנדין אויף גאָר די גאַנצע וועלד.**

דער קעניג מיט דער גאַנצע פאַרזאַמלונג פרייען זיך זייער, דאָס זיי האָבין זוכה געווען צו אַזאַ גרויסין מלך־לעתיד (אויף צוקונפט). און אויך פרייען זיך אלע זייער שטאַרק דאָס מען האָט גיפאַנגען די רויבער־באַנדע, דען יעצט ווען זיי הער־רשט וויסען פון אַ שטיקעלי מנוחה, פון אַ רוהיג לעבין צו זאָגין. און אַלע לויבין און דער הייבין דעם משנה, און אַלע מאַרקין און אין אַלע גאַסין טרונקט מען לחיים צו דעם לעבין פון דעם משנה, וואָס ער האָט מיט זיין וואונדערליבע חכמה און גבורה ארויס גינימען אַלע איינוואוינער פון לאַנד און ארומיגע לענדער פון דעם שטענדיגען פחד און שרעק פאַר די רויבער־באַנדע. דער משנה שרייט לויבט גאָט דען זיין זענען די אַלע וואונדער נישט מיין. און דער גאַנצער פּאָבליק שרייט „יהי שם ה׳ מבורך מעתה ועד עולם“. דאָס איז טייטש: „זאָל זיין דער נאָמען פון גאָט גיבענשט פון היינט ביז אייביג“ אמן.

יא.

ויצו המשנה. דער משנה גיט אַ באַפעל מען זאָל אַראָפּ נעמען די דיקע טיכער פון זייערע אויגין, ווי מען האָט אַראָפּ גענומען די טיכער פון זייערע אויגין האָבין די רויבער־באַנדע הערשט גיזען דאָס זיי געפונען זיך אין דעם קעניגלי־כען הויף. זאָגט צו זיי דער משנה־למלך. נו האָב איך אייך גיזאָגט דאָס איך בין אַ גרויסער קונצלער. יעצט גלייבט איר מיר שוין דאָס איך האָב אמת גיזאָגט. אַצונד קלויבט אייך אויס וואָס פאַר אַ טויט איר ווילט דען איך ברויך שוין די זאַך ענדיגען.

ויפלו על פניהם. די רויבער זענען אלע געפאַלען אויף זייער פנים פאַר דעם קעניג, אין בעטין אים מיט אַ גרויס געוויין. זיי זאָגין דער קעניג זאָל אייביג לעבין, ער זאָל פון אַלע זיינע שונאים אַזאַ נקמה זען ווי ער זעט פון אונז. אָדער ווי מיר ווייסין דאָס גרויסע רחמנות פון דעם קעניג, אין זיין גוטע הערציקייט בעטין מיר ביי עם ער זאָל אינז מוחל זיין אינזערע שלעכטע מעשים, אינזערע גזילות מיט רציחות וואָס מיר האָבין ביז יעצט גיטאָן, אין ער זאָל אינז דאָס לעבין שענקען. מיר וועלין אַלע צו שווערין מיט אַ ריכטיג האַרץ דעם הער קעניג געטריי צו דינען, אונזער גאַנצין לעבין, עס וועט קיינער פון אונז נישט מורד זיין קעגין קעניג, אַפילו נישט צו אַנטלויפין. אין מיר נעמען זיך אינטער פאַרויס אַרויס צו גיין אין אַלע מלחמות, פאַר אַלע זעלנער פון דעם קעניג, דען דער מלך ווייסט דאָך אינזערע גבורות אין אינזערע כוחות, אַז איינער פון אינז קען מאַכין אַנטלויפין אַנדערע טויזינט. אין אונז זענען גרויסע קריגס גילערינטע אין בעלי תחבולות, אינזער חכמה איז אינץ ביז יעצט ביי גישטאַנען, אין זי וואָלט אינז ווייטער אויך אויסגעהיט פון אַלעם בייזין,

ווען נישט דער משנה, וואָס ער איז אַ געטליכער מאַן, וואָס זיין גלייכין איז נישט דאָ צו געפינען. ענפערט זיי דער קעניג, ווען נישט איר האָט גע׳הרגעט מיין איין איינציגען זון וואָלט איך אייך דאָס געוויס גיטון, אָדער יעצט דאָס איר מאַכט מיין עלטער טרויריג אַריין גיין אין גרוב, וויסענדיג דאָס איך לאָז קיין שום זכר נישט איבער אויף דער וועלט, קען איך עס אייך נישט טוען. נאָר וועגין מיין גרויס רחמנות אויף אזוי פיעל ריזען אין העלדין, וועל איך אויך נישט געבין אַ באַפעל מען זאָל אייך טייטען, נאָר איך לאָז אייך אין די האַנט פון דעם משנה וואָס ער האָט אייך געפאַנגען, לאָז ער מיט אייך טוען וואָס ער פערשטייט, אין ווי אים גיפעלט. וויל ער אייך אורטיילין צו טויט, וועט איר געהרגעט ווערין, וויל ער אייך לאָזין לעבין, וועט איר לעבין בלייבין.

**כשמוע המשנה את דברי המלך.** ווי דער משנה הערט די ווערטער פון דעם קעניג, דאָס צו ליב זיין אין איינציגען זון קען ער נישט מוחל זיין די רויבער־באַנדע זייערע זינד. האָט ער זיך אָנגערופן צו דעם מלך. אדוני המלך, אין ווען דער קרוין פרינץ לעבט וואָלט דער מלך אַליין גישענקט דאָס לעבין פאַר די רויבער־באַנדע. ענפערט דער קעניג, געװיס. נאָר מיין ליבער משנה, רעד נישט אַזאַ זאַך וואָס עס קען נישט זיין, אין די רייד פון מיין ליבען זון, ערוועקען אין מיר זייער טרויריגע געפילען, אַז איך פיל דאָס עס קען מיך בערירען ביים האַרץ, זאָגט ווייטער דער משנה צו דעם קעניג, אדוני המלך די האָסט דאָך שוין געזען דאָס מיט גאָט׳ס הילף איז געשען דאָ אַזאַך, וואָס יעדער האָט גיקלערט דאָס עס איז אום מעגליך צו געשען, אין אָט שטייען דאָ די באַנדע־רויבער פאַר דעם מלך, זיי זענען געפאַנגען געוואָרין אָן אַ מלחמה, אין

אָן קיין געווער. אויך אַזוי קען איך מיט גאָט׳ס הילף שטעלין פאַר דעם מלך לעבעדיג פריש און געזונט, דעם בן־המלך.

ויתעלף המלך. ווי דער קעניג אין די קעניגען האָבין די ווערטער דער הערט, זענען זיי גלייך גיפאַלען אין חלשות, די קעניגליכע דאָקטוירים האָבין נאָך פיעל אָנשטרענגונגען זיי דערמונטערט. דערווייל האָט דער משנה געשיקט זיין גענעראַל מיט אַ גרויס פערד צו דעם בן־המלך, אין אים געגעבין אַ בריף אין די האַנט. דער גענעראַל איז צו געריטען צו דעם אַלטען מאַן ווי דער בן־המלך האָט זיך געפונען, ער האָט אים איבער געגעבין דאָס גרויסע הויכע פערד אין דעם בריף וואָס דער משנה האָט אים געשיקט, דער בן־המלך נעמט דעם בריף אין הייבט אָן צו ליינען:

צו מיין בעסטין פריינד, דער קרוינפרינץ.

מיין ליבער פריינד! יעצט איז געקומען די מינוט וואָס מיר האָבין אויף איר אַזוי שווער געוואַרט, דאָס די זאָלסט דיך זען מיט דיינע עלטערין, דער מלך, און די מלכה. יעצט אַז די צייט איז שוין יאָ געקומען זאָלסט דו זיך צו איילין, אין גלייך קומען.

זאָלסט דיר אָנטוען די קעניגליכע קליידער, אין אויף דעם הויכין פערד גלייך קומען צו רייטין אין דעם קעניגליכען הויף אַריין. איך וואַרט אויף דיר דאָרט.

מיט האָפענונג זיך גלייך צו זען מיט דיר, אין גרויסע פריידין,

אברהם בן רבי ברכיה
משנה־למלך.

**וישתומם כל העיר.** ווי דער קרוינפּרינץ דער בן־המלך איז דורך געריטען אין די גאַסין פון די שטאָט האָט איהם גלייך יעדער דערקאָנט. אַלע מענטשען וואָס האָבין אים געזען זענען אים נאָך גילאָפין ביז צו דעם קענעגליכען הויף. ווען דער בן־המלך האָט אַריין געריטען אין דעם קעניגליכען הויף איז שוין געוועזן דער מלך מיט די מלכה דערמונטערט, אין זיי האָבין שוין געוואַרט אין אויס געקוקט צו זען אויב עס איז טאַקע ריכטיג דאָס זייער זון לעבט, אַ זאַך וואָס זיי האָבין זיך דאָס גאָרנישט געקאָנט פאָרשטעלין אין זייערע בעסטע אין שענסטע גידאַנקען.

**אם לא אעלה את ירושלם וגו׳.** די פרייד וואָס איז געוועזן אין דעם קעניגליכען הויף קען זיך יעדער פאָר שטעלין. דער מלך מיט די מלכה האָבין געוויינט פון גרויס פרייד, אויך רבי אברהם דער משנה האָט געוויינט, דען דער זעענדיג די גרויסע שמחה וואָס עס קומט דאָ פאָר, האָט ער זיך דערמאָנט ווי אזוי האָט נאָך אויסגיזען די אמת׳ע שמחה די שמחת־בית־השואבה וואָס עס איז פאָרגעקומען אין דעם הייליגען בית־המקדש, וואָס קיין מענטשליכער געדאַנק קען זיך דאָס נישט פאָרשטעלין, אין היינט איז דאָס נעבך חרוב. דערווייל האָבין די רויבער דער זען דעם בן־המלך האָבין זיי זיך זייער פער וואונדערט, ווי קאָן דאָס זיין אַז דער בן־המלך לעבט נאָך. ער האָט זיך דאָך דער טרונקען אין דעם טיפען וואַסער פון אונזער קעניגרייך. רופט זיך אָן דער משנה צו דעם מלך פון די רויבער, האָב איך דיר געזאָגט דאָס איך בין אַ גרויסער קונצלער, איך קען אַפילו דעם בן־המלך אויך לעבעדיג מאַכין, יעצט גלייבסטו שוין.

**ויספר בן־המלך.** דער בן־המלך פערציילט זיינע עלטע־רין וואָס עס איז אַריבער אויף אים ביז היינט, און ווען נישט דער

משנה וואָלט ער שוין לאַנג גילעגין אינטער די ערד פון די רויבער׳ס הייל. רופען זיך אָן זיינע עלטערין דער מלך, מיט די מלכה, ווען נישט דער משנה וואָלטין מיר שוין לאַנג פערגיפטעט געוואָרין. איבער דעם אונזער ליבער איין איינציגער זון, האָטש דו ביסט דער קרוין פרינץ אין די מלוכה געהער צו דיר, פון דעסט וועגין זאָלסט איין וויליגען אויף אינזערע רייד דאָס דער משנה זאָל ווערין קעניג נאָך מיר, אין די זאָלסט זיין ביי איהם משנה־למלך. דאָס קעניגרייך פּאַסט, און קומט פאַר איהם.

ויען בן־המלך. האָט דער בן־המלך גיענטפערט פיר זיינע עלטערין, איך האָב שוין לאַנג גיזאָגט אַז דאָס קעניגרייך איז זיינע, אין איך וויל זיין ביי איהם משנה־למלך יעצט אַז איר זאָגט אויך אַזוי איז מיין פרייד גאַנץ.

ויצו המשנה. דער משנה רבי אברהם האָט געגעבין אַ באַפעל מען זאָל צו אים צו ברענגען דעם מלך פון די רויבערבאַנדע, אין ער האָט אים געזאָגט איך נעם אָן אייער פּאַר שלאַג וואָס איר האָט אייך אָנגעטראָגין צו זיין געטרייע זעלנער. אין איר וועט זיין פון היינט אָן פון מיין גאַרדע. איך שרעק זיך נישט דאָס איר וועט מורד זיין אין מיר, אָדער מאַכין אַ בונד קעגין מיר, דען איר ווייסט גאַנץ גוט דאָס אַזאַ זאַך וועט אייך דאָס לעבין קאָסטין, ויענו כולם. האָבין אַלע רויבער געענפערט איין שטומיג, מיר נעמען זיך אינטער צו דינען טריי דעם משנה מיט דעם גאַנצען לעבין, אין יוער עס וועט מורד זיין אין דעם משנה וועט דורעך אינז גלייך געהרגט ווערין. יעצט ווילען מיר נאָך צו געבין פון טיפען האַרץ אַ ברכה פיר דעם משנה, זיין קעניג־רייך זאָל זיך פעסטיגען אין שטערקין, און ער זאָל שטענדיג זיגען, און נקמה זען פון זיינע פיינט. דער משנה האָט געגעבין אַ באַפעל מען זאָל גלייך אַלע רויבער צוריק

געבין זייערע פערד. אין ער זאָגט פאַר זיי, אייער קעניג שטעל איך אויף אייך אַלץ גענעראַל, אַלע פון אייך זאָלען עס ווייטער פאָלגין ווי ביז יעצט.

ויראו כל האזרחים. די אַלע איינוואוינער פון דעם לאַנד האָבין צו געזען וואָס עס איז פאַר געקומען דעם הייגטיגען טאָג, די גרעסטע פיינט, וואָס האָבין געוואָרפין זייער שרעק אויף יעדין, זענען געוואָרין געטרייע זעלנער, דער בן־המלך וואָס ער איז שוין גירעכינט געווען צווישען די טויטע אַ לאַנגע צייט, איז צוריק געקומען רייטענדיג פריש און געזונט. האָבין זיי אַלע אין טיפען האַרץ בעקומען אַ גרויסע ליבשאַפט צו דעם משנה למלך.

ויעש משתה גדול. דער מלך האָט געמאַכט אַ גרויסע סעודה פאַר אַלע הערין אין קנעכט פון דעם קעניגליכען הויף, אין אויך פאַר אלע איינוואוינער פון דעם גאַנצען לאַנד, פון קליין ביז גרויס, אויך די רויבער־באַנדע האָבין פערנומען זייער אָרט ביי דער סעודה צווישען דעם משנה׳ס גאַרדע, אין דאָס גאַנצע לאַנד איז פיל מיט פרייד.

אין מיטען די סעודה שטעלט זיך אויף דער קעניג אַליין און זאָגט פאַר אַלע איין וואוינער פון זיין לאַנד.

מיינע ליבע און חשובה איינוואוינער!

נאָכדעם וואָס איך האָב מיך בעראָטין מיט מיין זון דער קרוין פרינץ, גיב איך אַ דאָפעלטע שטאַרקייט צו מיינע פריריגע ווערטער, וואָס איך האָב געזאָגט פיר די איינוואוינער פון די האָפשטאָט. דאָס אונזער משנה רבי אברהם בן רבי ברכיה זאָל זיין מלך נאָך מיר, און מיין זון וועט זיין ביי אים משנה־למלך, און פון היינט אָן גיב איך אים שוין איבער די רעכטין גלייך ער

**וואָלט געווען מלך, דען איך בין שוין אַלט, און דאָס גליק פון מיין פּאָלג נויטיקט זיך אין אַ יונגען פעהיגען פירער. וואָס קיין פּאַסיגערן פון אים האָב איך נישט געפונען, און איך בין זיכער דאָס עם עגזעסטירט נישט.**

**יעדע זאָל אויסרופען „יחי רבי אברהם המלך בפועל". זאָל לעבין רבי אברהם דער מלך אין ווירקליכקייט.**

**דער גאַנצער פּאָבליקום האָט געשריגען מיט אַ הייסע ליבשאַפט יחי רבי אברהם המלך — בפועל, יחי !, יחי !.**

אחר הדברים האלה. נאָך דעם ווען די סעודה האָט זיך געענדיקט, אין דאָס לעבין איז צוריק אַריין אין געוועגדליכען שטעג, זאָגט דער משנה צו דעם מלך אַזוי ווי דער בן־המלך איז שוין געקומען אין די יאָרין חתונה צו האָבין, האָב איך פאַר איהם זייער אַ פּאַסיגען שידוך, ער פּאַר ציילט דעם מלך פון די בת־המלכה וואָס ער האָט געפונען ביי די רויבער אין די הייל, אין איר גאַנצע געשיכטע, אין אז איר פּאָטער איז אַ גרויסער מלך, דעם מלך איז די זאַך זייער געפעלין נאָר ער האָט קודם געפרעגט דעם משנה אויב זי האָט אַלע מעלות קומט זי דאָך פּאַר דיר, די האָסט זי דאָך געראַטעוועט, ענט־פערט איהם דער משנה, לויט ווי איך פערשטיי איז זי דער זיווג פון דעם בן־המלך. דער משנה האָט גלייך געשיקט זיין גענעראַל צו דעם שטעטיל ווי די בת־המלכה האָט זיך גע־פונען מיט אַ בריעף אין די האַנט. דער גענעראַל גיט איר איבער דעם בריעף, אין זי נעמט זיך ליינען אַזוי :

צו דער געערטע בת־המלכה.

יעצט איז געקומען די צייט דאָס דו זאָלסט ווערין אַ כלה, מיט דעם קרוין פרינץ פון דעם לאַנד.

איך פיל דאָס דיין פרייד איז נאָך נישט גאַנץ, דען די האָסט דיך נאָך נישט בעגעגינט מיט דיינע עלטערין, נאָר דערוייל איז נאָך דערויף נישט געקומען די צייט, איך האָף דאָס אין קורצען וועט אויף דעם אויך קומען די צייט, אָבער מען מוז אויסוואַרטין מיט געדולד.

יעצט זאָלין זי זיך אָנטין קעניגליכע קליידער, און גלייך קומען אין דער קאָטש מיט די זעקס פערד וואָס איך האָב פיר אייך גילאָסט.

מיט האָפענונג דאָס מיינע רייד וועלין גלייך ערפילט ווערין ענדיגע.

אברהם בן רבי ברכיה
משנה למלך

ותבא בחצר המלך. ווי די בת־המלכה איז געקומען צו דעם קעניגליכען הויף איז זי זייער געפעלין פיר דעם קעניג מיט די מלכה, דער קעניג האָט געמאַכט אַ גרויסע מאָלצייט צו זיין זונס „תנאים". ביי די תנאים קומט די בת־המלכה פאַר דעם משנה אין בעט איהם דאָס מען זאָל רופען אירע עלטערין צו איר גרויסע פרייד, אָדער אין וויניגסטענס זיי פערשטענדי־גען דאָס זי לעבט, דען אירע עלטערין ווייסן גאָר נישט וואָס מיט איר איז. ויען, האָט איר דער משנה געענפערט, מיין קינד גלייב מיר, דאָס גלייך ווען די צייט וועט קומען וועל איך זיי מודיע זיין, אָדער יעצט איז נאָך נישט די צייט. זאָגט ווייטער די

בת־מלכה, אדוני המשנה, די האָסט מיך גיראַטעוועט פון טויט, די האָסט מיך געברענגט צו דעם גליק צוריק צו קומען אין אַ קענגליך הויף, טי נאָך מיט מיר דעם חסד אין זאָג מיר ווען וועט קומען די צייט דאָס איך זאָל זיך זען מיט מיינע עלטערין, ענפערט איר דער משנה, איך זאָג דיר, דאָס מיט גאָט׳ס הילף, וועלין דיינע עלטערין זיין אויף דיין חתונה. די בת־מלכה איז צוריק צו דער סעודה פון די תנאים מיט אַ פרייליך האַרץ, וויסענדיג דאָס אירע עלטערין וועלין געוויס זיין אויף איר חתונה, דען דעם וואָס דער משנה זאָגט, איז נאָך שטענדיג מקוים געוואָרין.

יב.

**ברצות ה׳ דרכי איש גם אויביו ישלים אתו.** ווען גאָט בעוויליגט דעם וועג פון אַ מענטש שליסען זיינע פיינד אויך פרידען מיט אים האָט **שלמה המלך** געזאָגט. אַזוי איז אויך געווען מיט דעם ערליכען רבי אברהם דער משנה־למלך, אַלע זיינע שונאים וואָס האָבין אים פריער געוואָלט פטור ווערין, זענען אים היינט געוואָרין די בעסטע גוטע פריינד. נאָר פון דעסט וועגין אינטער זייער געוויסען האָבין זיי אַלץ גזוכט עפעס שלעכטץ צו טוען דעם משנה, דען דעם כלל פון „עשו שונא ליעקב" קען קיינער נישט ענדערין.

**ויהי היום.** איין מאָל ווען דער מלך מיט זיין זון אין אַלע גרויסע הערין זענען געגאַנגען שפּאַצירען. אין דער משנה איז נישט דאָרט געווען, דען ער האָט יעדן טאָג געהאַט אַ צייט וואָס ער האָט דעמאָלט גילערינט ש״ס און פוסקים. און זוי געוויינדליך ווען דער מלך קומט זיך צו זאַם מיט זיינע הערין רעדין אַלע פון דער גרויסער חכמה און גבורה פון דעם משנה, אין זיין גרויס הצלחה אין אַלע ענינים, אין צו דעם אַלעם וואָס

פאַראַ גרויסער עניו ער איז און אַנדער גוטע מידות וואָס ער האָט. אין מיטען דעם שמועס רופען זיך אָן די שרים די געוועזנע שונאים פון דעם משנה, די גאַנצע הצלחה זיינע, און די גרויסע טובה פיר דער מדינה דורך דעם וואָס ער האָט געפאַנגען די רויבער־באַנדע, איז דאָך דורך אינז געקומען, דען מיר האָבין דאָך געגעבין די גוטע עצה דאָס דער מלך זאָל שיקען דעם משנה מלחמה צו פירען מיט די רויבער. יעצט וועלין מיר ווייטער געבען אַ גוטע עצה דעם קעניג, ער וועט אונז געוויס ווייטער דאַנק באַר זיין פאַר דער עצה. דער הער קעניג זאָל שיקען דעם משנה אויף זוכען די בת־המלכה, וואָס איז שוין פערלאָרין פון הער קעניג מער פון זיבען יאָר. מיר זענען זיכער דאָס מיט זיין גרויסע חכמה און הצלחה וועט ער זי געוויס געפונען.

ויען המלך ויאמר. ענפערט דער קעניג פאַר זיי, די עצה איז טאַקע זייער אַ ריכטיגע אָדער עס איז מיר לייד אים עס צו זאָגין, און עס איז מיר לייד עם עס נישט צו זאָגין. זאָל איך יאָ זאָגין, ווייס איך דאָס פון גרויס ליבשאַפט וואָס דער משנה האָט צו מיר וועט ער זיך דאָס געוויס אונטער נעמען, זי אויפ צו זוכען, און לויט ווי עס זעט מיר אויס לעבט זי שוין נישט, וועט ער זיך אַרום דרייען איר זיכען אַ גאַנץ לעבין, און ער וועט נישט צוריק קומען. און איך פיל ביי מיר דאָס אָן אים קען איך נישט לעבין. ווידער זאָל איך אים דאָס נישט זאָגין, טוט מיר אויך לייד, דען עס איז מעג־ליך דאָס זי לעבט נאָך יאָ, וועט ער זי מיט זיין גרויסע חכמה געוויס געפונען. רופען זיך אָן אַלע שרים איין שטומיג און זאָגין. דער הער קעניג זאָל אייביג לעבין, מיר מיינען דאָס דער הער קעניג זאָל אים יאָ זאָגין, דען ער איז א גרויסער חכם, דעם בן־המלך האָט ער פון אונטער די ערד

ארויס געראַטעוועט, און אויב ער וועט זען מיט זיין פאַר־שטאַנד דאָס ער קען נישט אויפּ זוכען די בת־המלכה, וועט ער זיך נישט אינטער נעמען, און אויב ער וועט זיך אונטער נעמן וועט ער איר געוויס ברענגען לעבעדיג פאַר דעם מלך.

וייטב הדבר בעיני המלך. די רייד פון די שרים איז זייער גוט גיפעלין און די אויגין פון דעם מלך. און ער האָט געלאָזסט רופען דעם משנה און זאָגט אים. מיין ליבער פריינד, וואָס מיין לעבין איז צו געבונדען צו דיין לעבין, זאָלסט וויסען דאָס מיין גליק איז נישט גאַנץ, און זאַך ליגט מיר נאָך אויף מיין האַרץ אזוי ווי אַ שווערער שטיין, דאָס איז מיין טאָכטער. איך האָב געהאַט אַ טאָכטער זייער אַ שיין קינד, יעדער האָט בוואונדערט איר שיינקייט, און איר חכמה איז אויך געוועזן פיל העכער פון אַנדערע קינדער. אָדער נאָר ביז צו די צען יאָר האָב איך געהאַט די זכיה איר אויף צו וואַקסין, דען ווען זי איז אַלט געוועזן צען יאָר איז זי איין מאָל געגאַנגען שפּאַצירען מיט אירע חברט'עס אויסער די שטאָט אויף דעם באָרטין פון ים. און די קעניגליכע וואַך איז זיי נאָך געגאַנגען זיי היטען. פּלוצים איז געקומען אַ גרויסער שטאָרעם ווינט פון דעם ים, און האָט זיי אַ וועק געטראָגין אין דער לופט, און פון דעמולטע אָן האָב איך זי מער נישט געזען, ביז דעם היינטיגען טאָג. יעצט מיין ליבער פריינד, אויב די פערשטייסט מיט דיין טיפען פערשטאַנד דאָס עס איז מעגליך אַז זי לעבט ערגעץ, און די קלערסט אַז עס איז פאַרהאַנען אַ אופין דאָס די זאָלסט זי ראַטעווען, ווערסט דו מיר פערשאַפין אַ דאָפּעלטע פרייד. ערשטינס, דאָס די וועסט מיר צוריק ב־רענגען מיין קינד וואָס איך האָב עס שוין מער פון זיבען יאָר נישט געזען. צווייטינס, דאָס איך וועל דיך קאָנען נעמען פאַר איין איידים, דען דאָס איז מיין גרעסטע פרייד אַז די

וועסט אריין קומען אין די קעניגליכע משפחה.

**ויען המשנה.** האָט דער משנה געענפערט פאַר דעם מלך, עס איז מיר אַ גרויסער כבוד אַז דער הער קעניג וואָלט מיך אַריין גענומען אין זיין הויך געשעצטע משפחה. אין ווצגין דער זאַך אַליין, צו די קעניגס טאָכטער לעבט, צו נישט, אין אויב זי לעבט צו איך קאָן זיך אונטער נעמען איר אַ הער צו ברענגען, מוז איך האָבין צייט דריי טעג, זיך גוט איבער טראַכטין די זאַך. ענפערט דער קעניג זייער ריכטיג. דער גרויסער באַשעפער זאָל דיר צו שיקען זיין ריכטיגע עצה.

**ויבא הביתה.** דער משנה איז אַ היים געקומען ער נעמט אַרויס דאָס קליינע ספר׳יל וואָס זיין פאָטער האָט איהם געגעבין פון יענער וועלט, ווי ער האָט טיף אַריין גיטראַכט דערין האָט ער פאַר שטאַנען דאָס דעם קעניגס טאָכטער לעבט, אין ער האָט אויך פערשטאַנען אויף וועלכין פלאַץ זי געפונט זיך.

**ביום השלישי.** דעם דריטען טאָג איז געקומען דער משנה צו דעם קעניג. אין זאָגט אים, איך בין גרייט צו גיין זוכען דעם קעניגס טאָכטער, מיט דעם גרויסין באַשעפערס הילף וואָס ער האָט מיט מיר אַזוי פיל חסדים געטון ביז יעצט אין האָט מיר שטענדיג געהאָלפין, וועל איך צוריק ברענגען דעם קעניגס טאָכטער לעבעדיג און געזונט, גאָר אָן אַ פעלער. ווי דער מלך האָט דאָס דער הערט איז ער שיעור געשטארבין פון גרויס איבעראַשונג אין פון פיל פרייד, אין זאָגט הלוואי זאָל איך נאָך די זכיה האָבין דאָס צו דער לעבין אַז די זאָלסט זיין מיין טאָכטערס מאַן, איך קוק אויס דאָס די טעג זאָלען שוין ווי שנעלער אַריבער שווימען, ביז איך וועל דיך דאָ צוריק זען.

**ויפרד המלך מעליו.** דער קעניג מיט אַלע זיינע הערין בעגלייטין אים ביז אויסער די שטאָט, ער געזעגינט זיך מיט

אַלע זייער וואָרים, דער בן־המלך ברעכט אויס מיט אַ יעמער־ליך געוויין רבי אברהם — שרייט ער — לאָז מיך נישט אי־בער, איך קען אָן דיר נישט לעבין איין מינוט, דער משנה זאָגט אים, זאָרג גאָר נישט, אויף דיין חתונה וועל איך מיט גאָט׳ס הילף צוריק זיין, איך זאָג דיר טאַקע אָן זאָלסט וואַרטין מיט דיין חתונה ביז איך וועל צוריק קומען. דער משנה געזעגינט זיך נאָך איין מאָל מיט דעם מלך אין אַלע שרים, דער מלך ווישט אַ גאַנצע צייט אָפּ פון זיינע באַקען די הייסע טרערין וואָס האָבין זיך אים געגאָסין פון די אויגין, יעצט האָבין העכשט די שרים דערפילט דאָס זיי זענען אויך צו געבונדען מיט קייטין פון ליבשאַפט צו דעם משנה, דען זיי האָט זייער לייד געטאָן פאַר וואָס זיי האָבין געגעבין די עצה דעם משנה צו שיקען אויפזוכען די בת־המלכה, זיי האָבין אויך געפילט דאָס דער משנה וועט זיי אויספעלען, אין די פערבאָרגעניש האָט זייער האַרץ געוויינט. אָדער עס איז געווען צו שפעט. דער משנה שפרינגט אַרויף אויף זיין ריזיג פּערד, אין הייבט אָן צו רייטין אַלץ שנעלער אין שנעלער ביז ער ווערט פערשוואונדען פון די אויגין צווישען די גרויסע ביי־מער פון דעם געדיכטען וואַלד.

ועתה, אתה. אין יעצט די ליבער ליינער, לאָמיר לאָזין דעם משנה־למלך — אינזער רבי אברהם, דער עלסטער זון פון רבי ברכיה — רייטין אין דעם גרויסין און שרעקליכען וואַלד, אין מיר וועלין געבין אַ קוק צו דעם צווייטין זון פון רבי ברכיה, רבי יצחק.

אין די קומענדיגע העפט וועסט דו מיט גרויס תענוג אין הנאָה ליינען דעם שטורעמדיגען וועג וואָס רבי יצחק האָט דורך געוואַנדערט. די גרויסע שרעקליכע צרות וואָס זענען

אויף אים געקומען, און ווי אַזוי די ליכט פון הצלחה האָט געשיקט אירע שטראַלן פון צווישען די דיקע און שוואַרצע וואָלקענס, און ווי די וואָלקענס האָבּין זיך צו זאַם גענומען און פערשטעל די גאַנצע שיין פון דער הצלחה, אַז מען האָט געמיינט אַט אַט גייט אינטער דאָס גאַנצע לעבין פון רבי יצחק, און דעמאָלט׳ס אין די שרעקליכסטע מינוט האָט זיך בעוויזען די גרויסע קראַפט פון דער מצווה וואָס רבי יצחק האָט זי מיט גרויסע נסיונות מקיים געוועזן, און זי — די מצווה — האָט פעריאָגט אַלע וואָלקענס, אַז די קלאָרע ליכט פון זיין הצלחה איז געקומען אָן אַ מאָס.

דאַן וועלין מיר צו קומען צו די דריטע העפט, צו רבי יעקב, און זען זיין שיינע און אינטרעסאַנטע געשיכטע, און ביים סוף ווי די דריי ברידער וואָס אַלע דריי זענען געוועזן גרויסע לייט וועלט׳ס גרעסעס, האָבין זיך צוזאַם געטראָפין, דאָרט וועלין מיר זען ווי עס האָט אויס געקוקט ווען עס איז אין זיי מקויים געוואָרין דער פסוק: ווי גיט, און ווי אַנגענעם איז ווען ברודער זיצען אין איינעם״. „הנה מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד״.



# די חרדי׳שע אידישע ביבליאטעק

בקרוב וועט בעהשי״ת ערשיינען אין אונזער פערלאג
די פאלגענדע שיינע אין אינטרעסאנטע ערצעלונגען:

2. שלשה אחים / דער מיטלסטער ברודער

(זעה וועגין אים אין די ענדע פון די ערשטע העפט)

3. שלשה אחים / דער יונגסטער בורדער.

4. צוויי קצבים

א זעהר וואונדער שיינע מעשה. ווי צוויי קצבים זענען ניצול געווארין מרדת שחת, און נישט פערלוירין זייער עולם הבא.

5. שבת אין מלוה מלכה

צוויי אינטערעסאנטע מעשיות.

6. דער „גור אריה״

7. דער „עוללות אפרים״

די דריטע סעריע וועט בע״ה ענטהאלטין

1. דער שפאלער זיידע

2. דער גולם פון פראג

---

די ערשטע סעריע

**דער גריידיצער צדיק**

פינעף העכסט אינטרעסאנטע העפטין איינע שענער פון דער צווייטער — צו באקומען אין אלע ספרים געשעפטין.

---

פראגע. מיט וואס איז צו דער־קענען אויב א יונגל איז איז שוין בר־מצווה געווארין?

ענטפער. מיט דעם דאווענען!, נאך דער בר־מצווה דאווענט ער מיט "תפילין" דערפאר איז דאס דאווענען ווארעם און געשמאק און מיט כוונה.

אויספיר. דער פאר איז די פאסיגסטע "מתנה" אויף א בר־מצווה דער שיינער ספר "ש ע ר ה ת פ י ל ה" וואס האט מחבר געווען איינער פון די גרעסטע צדיקים, צו ווייזין דעם וועג ווי אזוי מען ברויך דאווינען.

צו באקומען אין אלע ספרים געשעפטין.

---

וועגין פרטים זיך צו ווענדין צו
ב. שטרן צפניה 24 ירושלם

# די חרדי׳שע אידישע ביבליאטעק

די ערשטע סעריע „דער גריידיצער צדיק״ אַנטהאַלט פינף אינטערעסאַנטע דערציילונגען:

פרייז פון די סעריע 5 ל״י.

---

די צווייטע סעריע „שלשה־אחים״ אַנטהאַלט 6 העפטן.

ביז היינט האָט שוין ערשינען 5 העפטן, וואָס אין זייערע 588 עמודים ליגט איינגעהילט איינס פון די שענסטע אינ־טערעסאַנטסטע און שפּאַנענסטע יידישע דערציילונגען.

מיט אַן אָפּגעהאַלטענעם אָטעם ליינט זיך די געשיכטע פון די שלשה־אחים, ווי דריי עלענדע יתומים׳לך לאָזן זיך אַרויס איבער די וועלט, זיי ווערן פאַרוואָרפן אויף די ווייטסטע מדינות און מרא׳דיקסטע אינדזלעך פון ים. בלאָנזשען אַרום צווישן די שרעקלעכסטע וועלדער, און אין פוסטע עק־וועלט לעדנער. מיט אַ שטייפקייט האַלטן זיי זיך ביי זייער פעסטער אמונה און ביטחון אין השי״ת, ווען זיי באַגעגענען זיך פיל מאָל מיטן טויט פנים־אל־פנים.

מיט זייער טיפע חכמה און פעאיקייט מאַכן זיי אויפרידערן אַ וועלט. ביים סוף טרעפן זיך צוזאַם די עלענדע יתומים׳לך ווען אַלע דריי זענען מעכטיקע פירערס פון די גרעסטע מדינות אין די וועלט. אין דעם זעקסטן טייל וועלן מיר ערשט זען וואָס די שלשה־אחים האָבן אויפגעטוען פאַר כלל ישראל. דאַן וועלן מיר צוקומען צו דעם „סוף־שלווה״ פון די איידעלע מוטיקע העלדן, צו דעם שיינעם שטילן זיסן נחת וואָס די הייליקע אמונה ברענגט מיט אירע פליגל צו די, וואָס שיצן זיך באמת אין איר.

בקרוב וועט בע״ה ערשיינען

די זעקסטע העפט — די לעצטע — פון דער סעריע

„שבת אחים יחד״ — „די ברודער צוזאמען״

1. צוויי קצבים; 2. דער גור־אריה; 3. דער עוללות־אפרים.

---

די דריטע סעריע

1. דער שפאלער זיידע

...ראַג

...אַרבעט

...נדן:

...רושלים